משה נאַדיר

# געקליבענע ווערק

II

ווילנע — 1928

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

משה נאַדיר

# מעשהלעך מיט אַ מאָראַל

ווילנע — 1928

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

ס'איז מיר אומעטיק, ליבער גאָט.

דיין וועלט איז שוין אזוי אַלט. די זון גייט אויף און גייט אונטער מיט אַ באַנאַלע רעגלמעסיקייט. פרילינג, זומער, הערבסט און ווינטער זענען פיר שוועסטער פון איין גלייכגילטיקער סימפאַטישער מאַמען. דיין לבנה, ליבער גאָט, דערמאָנט אָן דעם זילבער פון אָפגעריבענע מטבעות. דיינע שטערן פינטלען אזוי אומפאַרשטענדלעך.

און מיר אַלע טראָגן דעם טויט אין אונזערע הערצער ווי אַ ממזר.

אַ פרעמדן טויט, באַשאַפן פון אַ פרעמדן גאָט, וועלכער אַמוזירט אונז נישט.

ס'איז אומעטיק, ליבער גאָט, דעריבער בין איך אזוי קלוג און פול מיט וועלט-שמערץ, — אַ זאַך וואָס געפעלט זייער די דאַמען.

# ערלעכקייט באַצאָלט זיך

אין דער שטאָדט פּאָמפּידוסע האָט געוווינט אַ גאָטספאָרכטי־קער ייד, האָט ער געהייסן ר׳ שיע־העשיל ציבּוך און איז געווען — כאַפּט אייך אָן — אַן עושר גדול ועצום.

אַז מען זאָל זיך פאַרלאָזן אויף דעם וואָס די אַלטע פּאָמ־פּידוסער תּושבים זאָגן, מוז מען גלויבן, אַז ר׳ שיע־העשעלע איז אויך געווען דער גרויסער בעל־מאמין, דער אמתער ייד מיטן פולן מויל — ווי די מעשה וועט אי״ה באַלד באַווייזן.

איינמאָל האָט ר׳ שיע־העשעלע באַדאַרפט צו פאָרן אויף אַ חתונה פון אַן אָרימער כלה, וועלכע ער איז אויסן געווען מהנה צו זיין מיט זיין סבר פּנים יפות און טאַקע מיט דער שיינער כלה־מתּנה — היינו: אַ בשמים־קעסטעלע פון פיינעם פּימסן־האָלץ און באַשלאָגן מיט גאָלד.

פאָרן — איז אויסגעקומען צו פאָרן דורך אַ געדיכטן, פינסטערן וואַלד, אין וועלכן עס זענען פון אייביק־אָן שכיח געווען אַ סך גזלנים.

אָבער שיע־העשעלע איז נישט דער מענטש זיך צו שרעקן. «ד׳ לי מה אירא? אַז השי״ת איז מיט מיר, וואָס דאַרף איך פורכטן צו האָבן?» — אַזוי האָט געטראַכט ר׳ שיע־העשעלע, אָנגעטון די טייערע ראַצימירענע בעקעשע, אַרויפגעזעצט אויף דער בלוי־סאַמעטענער יאַרמולקע דעם שיינעם ספּאָדעק און מ׳לאָזט זיך אין וועג אַריין — אויף גאָטס באַראָט.

פאָרט מען אַ שעה, צוויי, גאָרנישט. דערווייל האָט גענומען צופאַלן די נאַכט, איז ר׳ שיע-העשעלע אַראָפּגעקראָכן פון דער בויד, זיך אַרומגעגאַרטלט מיט דעם שווערן, זיידענעם גאַרטל, און זיך געשטעלט מנחה דאַווענען. ערשט ערגיץ פון אַ הייל גיבן אַ שפּרונג אַרויס דריי גזלנים מיט גרויסע שטיוול און מיט שאַרפע מעסערס.

איינער פון די דריי גזלנים האָט זיך געגעבן אַ נעם צו ר׳ שיע-העשעלען, אים אַ כאַפּ געטון פאַרן האַלז און באַפוילן ער זאָל אָפּגעבן דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער.

— נו-אָ! — האָט ר׳ שיע-העשעלע אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און נישט אויפגעמאַכט אַפילו די אויגן — וואָרים ר׳ שיע-העשעלע האָט גראָד געהאַלטן ביים «לך» פון «מודים».

ערשט דערנאָכדעם, אַז ער איז אויסגעגאַנגען שמונה-עשרה, האָט ר׳ שיע-העשעלע אַליין אַראָפּגענומען פון זיך ס׳גאָלדענע קייטל מיטן זייגערל און אַנדערע מטלטלין שיש להן אחריות, און עס אָפּגעגעבן צו די גזלנים, וואָרים ר׳ שיע-העשעלע האָט נישט געוואָלט ברענגען דערצו, אַז יידישע מענטשן זאָלן פאַרלירן זייער חלק לעולם הבא צוליב שפיכת דמים ר״ל.

— האָסטו אונז אַלצדינג אַוועקגעגעבן וואָס דו האָסט ביי זיך— האָט דער הויפּט-גזלן געפרעגט ביי ר׳ שיע-העשעלען, וואָרום ער האָט געזען אַז ער האָט דאָ צו טון מיט יידן אויף וועמעס וואָרט מען קען זיך פאַרלאָזן.

— יאָ! — האָט געזאָגט ר׳ שיע-העשעלע, מחמת פון גרויס פּחד, אַז די גזלנים זאָלן חלילה נישט פאַרלירן זייער חלק לעולם הבא, איז ביי אים דער זכרון געשלאָגן געוואָרן.

— דו ביסט אַן ערלעכער מאַן! — האָט געזאָגט דער הויפּט-גזלן און איהם דערלאַנגט אַ זעץ צו דר׳ערד.

אַז ר׳ שיע-העשעלע האָט געהאַט צוריק אָנגעטון דעם ספּאָדעק און אים געהאַלטן אין אַרויפזעצן אויף זיין בלויער, סאַמעטענער יאַרמולקע, האָט ער זיך פלוצים אָן עפּעס דערמאָנט פון וואָס ער איז שטאַרק דערשראָקן געוואָרן. ער האָט זיך אַ

טאַפּ געטון ביי דער בוזים-קעשענע און — ריכטיק! ווי ס׳האַרץ האָט אים געזאָגט. ער האָט פאַרגעסן אָפּצוגעבן די גזלנים דאָס טייערע בשמים-קעסטעלע וואָס איז געווען געמאַכט פון פימסן-האָלץ און באַשלאָגן מיט גאָלד.

רב עליע! — האָט שיע-העשעלע זיך געווענדעט צו זיין בעל-עגלה. — איר׳ט אַזוי גוט זיין אונטערוואַרטן דאָ מיט דער בויד, איך מוז נאָכלויפן די גזלנים. איך האָב זיי פאַרגעסן אָפּ-געבן ס׳פּושקעלע — האָב איך זיי פאַרגעסן! — און ער האָט גענומען לויפן טשוואַליאָם.

נאָך דריי טעג לויפן האָט ער זיך ענדלעך דערשלאָגן צו דער געוויסער הייל.

די גזלנים-יינגען זענען געזעסן אויף דר׳ערד אַרום אַ דריי-פיסיק טישל און געזופט ווייַן פון כוסות וואָס זענען געווען געמאַכט פון מענטשלעכע שאַרבנס.

דערזען דעם פאַרסאַפּעטן און אָן-אָטעמדיקן שיע-העשלען, איז דער וויַין געבליבן אין זייערע גאַרגלען.

אָבער ר׳ שיע-העשעלע האָט זיי גלייך באַרויקט

— זייט מיר מוחל, ליבע גזלנים. — האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרטרערט קול — זייט מיר מוחל וואָס איך האָב אייך אָפּגע-נאַרט. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב פאַרגעסן. נאַט אייך ס׳פּושקעלע!

דערשטוינט און גערירט פון דעם מענטשנס ערלעכקייט האָט איינער פון די גזלנים געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל צו ר׳ שיע-העשעלעס ספּאָדיק צובינדן אַ גלעקל און אים אַרומ-פירן אויף אַלע ירידים.

— — — — — — — — — — — — — — —

און נאָך היינט — אַזוי דערציילט די מעשה — נאָכדעם ווי ער איז געשטאָרבן, קאָן מען זען דעם אַלטן, גרייז-גרויען ר׳ שיע-העשעלען זיצן אין גן-עדן מיט אַ גלעקל אויפן ספּאָדיק און די יינגערע, שקאָצעוואַטע גייסטער, וואָס גייען פאַרביי, צופּן אים פאַר דער נאָז, שיסן אים בעבלעך אין די אויערן אַריין, אָבער

דער גוטער רב שיע־העשעלע שמייכלט און טראַכט — אָט לאָזן די קינדער הנאה האָבן.

* * *

מאָראל: דער רעגן רעגנט פֿאַר אַלעמען גלייך — פֿאַר דעם שולדיקן און פֿאַר דעם אומשולדיקן, נאָר אַביסל מער פֿאַר דעם אומשולדיקן, ביי וועלכן דער שולדיקער גנבעט געוויינלעך צו דעם רעגנשירם.

# דער אָפּנאַרער

אַמאָל זענען – אין אַ קליין שטעטל – געווען צוויי סוחרים. ביידע האָבן געהאַנדלט מיט האָניק – אויב ס׳איז געווען האָניק צו האַנדלען, ביידע האָבן געהאַנדלט מיט פלאַקס – אויב ס׳האָט זיך געמאַכט אַ בינטל פלאַקס און ביידע זענען אין אַלגעמיין גע-שטאָרבן פון הונגער ווי סע קער צו זיין.

דידאָזיקע צוויי סוחרים האָט מען געקאָנט זען אויף אַלע ירידים – מיט די שטרויעלעך אין מויל, די פּאָלעס פאַרקאַטשעט – מעשה סוחרים, און – ביידע זענען זיך איינס ס׳אַנדערע נאָכגעגאַנגען פוס-טריט.

האָט איינער דערזען, אַז דער אַנדערער האָט ערגעץ דערטאַפּט אַ בינטל פלאַקס, אָדער עטלעכע הינער – איז ער גלייך אויפגע-וואַקסן פון הינטן און גענומען קאָנקורירן, אויסדינגען.

דאַביי זענען זיך די צוויי שיינע סוחרים אָפּט אַריינגעקראָכן אין די שיטערע, אומאַנטוויקלטע בערדלעך, זיך צעגראַבלט די פּנימער און זיך אָנגערופן מיט אַלערליי נעמען.

דאָס איז געווען יריד-צייט.

אין געווינלעכע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, פלעגן אונזערע סוחרים אַרומגיין איבער די דערפער מיט קאָש קעס אין די הענט און האַנדלען מיט די באַקאַנטע סחורות, מיט וועלכע עס האַנדלען יידישע יונגע לייטלעך מיט שיטערע בערדלעך.

האָט איין סוחר דערזען אין דער פרי, אַז דער אַנדערער גייט מיטן קוישל אין דאָרף אַריין – האָט ער פופטערנע געכאַפּט זיין קוישל און איז אויך אַרויס אין דאָרף אַריין.

אונטערוועגס פלעגן זיך די צוויי סוחרים אָפט באַגעגענען, זיך אָוועקזעצן אונטער אַ פ״ויט פון אַ גויישן סאָד, איבער וועלכן עס האָבן אַר בע־געהאָנגען די זאַפטיקע עפּל און באַרן און פלוימען און — אָנטלייען איינער ביים אַנדערן אַ ביסל זאַלץ פאַר דער ציבעלע, אָדער רעדן פון וועלט זאַכן. אָבער נאָך אָפטער ווי זיי פלעגן גיין צוזאַמען, פלעגן דידאָזיקע צוויי סוחרים פּרוּוון איינס ס׳אַנדערע אָפּנאַרן בנוגע דעם ציל פון זייער רייזע. איבערהויפּט האָט עס געטון דער עלטערער סוחר, וועלכער האָט געהייסן מרדכי־עליע.

— וווהין שפּאַנט מען דאָס אַזוי? — פלעגט פרעגן דער ייִנגערער סוחר ביי מרדכי־עליען בשעת זיי פלעגן זיך באַגעגענען אויפן וועג.

— איך שפּאַן קיין כינזשעוו! — פלעגט תמעוואַטע ענטפערן מרדכי־עליע און אין האַרצן ביי זיך פלעגט ער טראַכטן: ה ואי קרענקט ער אַזוי, ווי לאַנג איך גיי נישט קיין כינדזשעוו, נאַר קיין פינדזשעוו!

--------

אין אָנהויב האָט זיך דער ייִנגערער סוחר געלאָזט פאַרנאַרן און פלעגט פאַרלויפן דעם וועג קיין כינדזשעוו און צו זיין גרויס האַרצווייטיק אויסגעפונען אַז מרדכי־עליע איז גאָר אין פינדזשעוו און ער איז אויך אַוועק אַהינצו.

איז אָבער מרדכי־עליע אויך נישט קיין מלופן־קינד — עפּעס פאָרט געשליפן דעם קאָפּ אין תוספות און עין יעקב — איז ער זיך מיישב און אָנשטאט אים אָפּצונאַרן, אַז ער גייט קיין כינדזשעוו, זאָגט ער אים דעם אמת, אַז ער גייט קיין פינדזשעוו, לויפט יענער שוין ממילא קיין כינדזשעוו.

עטלעכע מאָל האָט שוין פּאסירט אַזאַ מין געשיכטע און דער ייִנגערער סוחר איז געוואָרן אין גאַנצן צעטומלט — נישט געוווסט וואָס צו טון.

איינמאָל האָט ער אים ווידער באַגעגנט אויפן שייד־וועג — וואָס פירט אי קיין כינדזשעוו אי קיין פינדזשעוו.

— שלום עליכם, מרדכי־עליע!

— עליכם שלום.

— וווהין איז דאָס שפּאַנעכץ וואָס מען שפּאַנט?

— קיין כינזשעוו! — ענטפערט מרדכי־עליע און גיט אַפילו נישט קיין פינטל מיטן אויג.

פאַרטראַכט זיך דער יונגערער סוחר אַ ווײַלע, לאָזט אַרויס אַ פול־געגלידערטן זיפץ און זאָגט:

— איך ווייס מרדכי־עליע, אז די זאָגסט מיר אומישנע, אַז דו גייסט קיין כינדזשעוו, כדי איך זאָל מיינען, אַז דו גייסט קיין פינדזשעוו, — גייסט דאָך אָבער טאַקיש קיין כינדזשעוו, טו וואָס־זשע נאַרסטו אָפּ?

און ער האָט זיך צעוויינט.

* * *

מאָראַל: דער בעסטער שווינדל איז פּאָרט, אַז מען קאָן יענעם גוט אָפּנאַרן און נאָך בלייבן דער פיינער מאַן.

# די הון און דער אייער־סוחר

אַמאָל איז געווען אַ ייד – אַן אייער־סוחר, האָט ער, ווי די טבע איז פון אַלע אייער־סוחרים, געהאַנדלט מיט אייער.

יעדן פרימאָרגן פלעגט ער פאַרקאַטשען די פּאָלעס פון זיין פאַרבלאָטיקטער בעקעשע, נעמען אין דער האַנט אריין אַ קוישל און זיך אַוועקלאָזן אין דאָרף אריין – נאָך אייער.

דאָס דאָרף ווי אונזער אייער־סוחר האָט געהאַנדלט איז געווען זייער אַ שיין דאָרף אין גאַליציע. זומער האָבן דאָרט די קאַרשן־בוימער געחנט אין די סעדער. ווינטער זענען די קליינע הייזעך מיט שטרויענע דעכלעך, אין ווייסע, בלישטשענדיקע דימענט־הויפנס פאַרוואַנדלט געוואָרן.

אָבער דער ייד – דער אייער־סוחר – האָט דאָס אַלעס נישט געזען. געזען האָט ער בלויז, אז אין דאָרף זענען פאַראַן צו פיל הינט און – צו ווייניק אייער.

איינמאָל איז אונזער אַייער־סוחר פאַרבייגעגאַנגען אַ גוייש שטיבל, און באַמערקט ווי אַ הון גייט דאָרט אַרום אין דרויסן זייער נישט אויפגעלייגט און קוואָקעט שרעקלעך און מאַכט „גאַ־גאַ־גאַ־גאַ!"

– אַ מאָדנע הון! – האָט זיך אַרויסגעזאָגט דער אייער־סוחר – טאָמער דאַרף זי האָבן איין שטיקל איי, איז טוט זיך חושך. וואָס זאָל איך נאָך זאָגן, אַז איך דאַרף האָבן עטלעכע שאָק אייער, יעדן טאָג?

* * *

מאָראַל: די מאָראַל פון דערדאָזיקער געשיכטע איז נישט זייער קלאָר. אָבער אונז דאַכט זיך, אַז זי האָט עפּעס אַ שטיקל שייכות מיט דער פראַגע פון פרויען און יידן־רעכט.

# דער גרויסער דענקער

אַמאָל איז געווען אַן עלנד מיידל, אַ פּרומס. האָט זי געגלויבט אין גאָט און אין דער מענטשהייט אין אַלגעמיין, אָבער אין מאַנסביל ספּעציעל האָט זי נישט געגלויבט.
נישט געהאַלטן דערפֿון.

האָט זי געלייענט אַ סך מאָנדשיינענדיקע ראָמאַנען מיט וואָרע, אויפריכטיקע, הייליקע ליבעס — אָהאָ! און — געבליבן אַן אַלט פאַרוועלקט מענטשן-קינד ביז העט-העט אין די יאָרן.

איז זי געוואָרן אומעטיקער און בלייכער פון טאָג צו טאָג, האָט נאָר דעבאַטירט וועגן ריינער אויפריכטיקער ליבע און געלעכצט נאָך אַ פּאָר וואַרימע מענער-אָרעמס און ברייטע מענער אַקסלען.

האָט זי זיך באַקאַנט מיט אַ בחור, וועלכער האָט ווייניק גערעדט. דערפאַר אָבער האָט ער אַ סך, זייער-אומגעהויער-פיל-אַ סך-געדענקט, נאָר רעדן האָט ער גערעדט זייער אומגעהויער-פיל-ווייניק — כמעט גאָר נישט. נישט חלילה דערפאַר וואָס ער האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן — ווי סע טרעפט ביי מאַנכע דענקער — נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט צופיל געדענקט, האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו רעדן.

איז ער אַפילו איר, דער אַלטער יונגפרוי געוואָרן מיאוס און דערעסן און — זי האָט אים אַוועקגעשיקט. אויף זיין אָרט האָט זי זיך איינגעשאַפט אַ פּאַפּוגאַי, זייער אַ שיינעם, זייער אַן ערנסטן און זייער אַ רעדעוודיקן.

ווי אַזוי האָט זי געוווּסט, אַז דער פּאַפּוגאַי איז אַ זייער רעדעוודיקער? איז דער תּירוץ: דער מאַן פון פויגל געשעפט האָט איר פאַרזיכערט, אַז דער פּאַפּוגאַי רעדט ווי אַ וואַסער.

אַז ס'איז אַוועק אַ וואָך און צוויי און דריי און דער פּאַפּוגיי האָט אַלץ געשוויגן איז דאָס פון אויפריכטיקער-ליבע-רעדנדיקע מיידל געוואָרן אַ ביסל אומרויק און גענומען דעם פויגל און צוריקגעטראָגן צום פויגל-סוחר.

— סטייטש! — זי אַזוי.

— סטייטש וואָס? — ער אַזוי צו איר.

— סטייטש, ער רעדט נישט, דער פויגל! — זי אַזוי צו אים.

קוקט זי דער פויגלדיקער ייד אָן און מאַכט אַזוי:

ס'איז אפשר אמת, מאַכט ער, אַז דער פּאַפּוגאַי רעדט ווייניק — כּמעט גאָרנישט, דערפאַר איז ער אָבער, מאַכט ער, אַ גרויסער דענקער.

זי האָט אים געוואָרפן דעם פויגל אין קאָפּ אַריין.

* * *

מאָראַל: שטילע דענקערס, קריכט אַרויס פון אייערע טראַנשעען, טרענטשעס, פעלדגריבער און הויבט אָן דערלאַנגען פּראָזע!

# ס. פאָלעק

אַמאָל איז געווען אַ בחורל מיטן נאָמען ס. פאָלעק. דאָס דאָזיקע ס. פאָלעק איז געווען נישט רייך און נישט שיין, נישט קלוג און נישט געבילדעט, נישט חנעוודיק און נישט באַטעמט, — נאָר ס'האָט געהאַט אַ מאָדנע שטימעלע, אויף וועלכן מען פלעגט זאָגן, אַז ס'איז זייער ענלעך צו דער שטימע פון גאָט — כאָטש זייער ווייניק מענטשן האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו הערן אויף וואָס פאַר אַ מין קול די גאָטהייט רעדט אייגנטלעך.

און צוליב דערדאָזיקער שטימעלע האָבן זיך אַלע גרעסטע לייט פאַר אים געבוקט, גענייגט, געשאָקלט, געציטערט — אַ קלייניקייט: ס. פאָלעק!

אין אָנהויב איז דאָס דאָזיקע ס. פאָלעקל געווען באַשיידן. נישט געזאָגט קיין דעות אין אַזעלכע זאַכן ווי פּאָליטיק, נישט גערעדט וועגן קונסט, נישט געזאָגט קיין מבינות איבער אַנאַטאָל פראַנס און אין אַלגעמיין געהערשט מיט נישט ווייניקער טאַקט ווי אַ פשוטער קייזער־קעניג.

נאָר ענדלעך האָט זיך אין אים פאַרליבט עפּעס אַ רויטע מויד מיטן נאָמען סאָשע ליזעם, און אים גענומען קעכלען און פעכלען ווי אַ טייערן בן־יחיד, און אים צודריקן צו איר הויכער, איבער־וואַרימער ברוסט.

— ס. פאָלעקל איז גרויס! — פלעגט אים דידאָזיקע סאָשע זינגען אַ ניגונדל.

— ס. פאַלעקל וועט נאָך אַמאָל האַנדלען מיט קעניגלעכע מאַנטלען! — האָט זי אים געשלעפערט.
— ס. פאַלעקל איז קלוג ווי די וועלט.
— ס. פאַלעקל שיינט ווי די זון.
— ס. פאַלעקל איז דער גרעסטער מבין אויף קונסט!
און אַזוי ווייטער.
איז ס. פאַלעקל געוואָרן ביי זיך שטאָלץ און גענומען טראָגן דעם קאַפעליוש אויפן אויער — מעשה וועלט-חכם.
און אַ חוץ וואָס ער האָט געאַרבעט ביי שניידעריי, האָט ער אויך גענומען זיך אינטערעסירן מיט קונסט און מיט טעאַטער. זייער סימפּאַטיש!
איינמאָל איז ס. פאַלעקל אַוועק צום קאַסע-פענסטער פון אַ יידישן קונסט-טעמפּל און געפרעגט:
— וואָס שפּילצעך ביי אייך?
— סע שפּילט זיך אַ קאָמעדיע.
— צום לאַכן, צי אַ רעגעלע?
— צום לאַכן.
— געטשימיר אַ פינף און דרייסיק-סענטיקן בילעט! — האָט געזאָגט ס. פאַלעק, איז אַריין אינעווייניק, זיך צוגעהערט צו די וויצן און געלאַכט דאָס גרעסטע געלעכטער.
מען האָט געמיינט, אַז אָט-אָט פאַלט ער אַרונטער פון דעם באַלקאָן פון געלעכטער.
אַזוי קרעפּטיק האָט ער געלאַכט!
אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דער פאָרשטעלונג, איז אונזער ס. פאַלעק ווידער געשטאַנען ביים קאַסע-פענסטערל פון זעלבן טעאַטער און געזאָגט זייער אומשולדיק צום קאַסירער:
— מיסטער, געטשימיר צוריק די פינף און דרייסיק סענט פאַר מיין בילעט — כ'האָב אויסגעפונען, אַז ס'איז נישט געווען קיין וויציקע פּיעסע.
— אָבער איר זענט דאָך שיעור אַראָפּגעפאַלן פון דעם באַלקאָן פון געלעכטער?
— וואָס האָב איך געזאָלט וויסן, מיסטער? איר האָט

מיר געזאָגט, אַז ס׳איז אַ וויציקע פּיעסע, האָב איך זיך אַמוזירט.
אָבער היינט אינדערפרי האָב איך געטראָפן מיינעם אַ לאַנדסמאַן
וואָס אַרבעט אין אַ צייטונג, האָט ער מיר געזאָגט, אַז די וויצן
זענען קיין וויצן נישט און אַז כ׳האָב נאַר אומזיסט געלאַכט —
גיט מיר צוריק ס׳געלט!

* * *

מאָראַל: צי וואָס דאַרף מען אַ קאָרוזאָ, אַז מ. פּאָלעק
האָט אויך אַן איבערגענוג מעכטיקע שטימע.

# א בינע וואָס וואַקסט

אַמאָל איז געווען א ייד פלעגט ער גיין אין יידישן טעאַטער באַטראַכטן ווי דער קונסט-ליבענדער עולם עסט מיט גרויס מיטגעפיל די גרויסע, קיילעכדיקע עפל און שרייט בראַוואָ מאָטאָפעשקי! הורא פאַר דעזפיקעסל! שלומאַש - ספיהדטש!!

האָט אין אים, אין ליטעראַרישן צוקוקער, הייסט עס, געוואקסן ס׳יידיש-דראַמאַטישע האַרץ, (מיט אַ ביסל מוזיק-פליעז) און ער האָט זיך געפילט שטאָלץ דערויף וואָס ער האָט אַ גוט פוטערל, אין וועלכן ער פילט זיך גאַנץ וואַרים.

נאָר איינמאָל האָט ער באַמערקט ווי דאָס פאַרטוך אויף אַ געוויסער יידישער בינע איז אַביסל קירצלעך און גרייכט נישט ביז אַראָפּ. און אַז נאָך איידער די פאָרשטעלונג הויבט זיך אָן, זעט מען שוין אַרויס די שיך פון די קינסטלער, וועלכע שאַרן זיך אַרום אויף דער בעסערער יידישער בינע צו יעדער צייט און אמאָל נאָך אָפטער.

איז דערדאָזיקער צוקוקנדער, כמעט קריטיש-קריטיזירנדער ייד אַרויסגעשאָפן הינטער די קוליסן צו דעם הויפּט פון אַלע הויפּט-קינסטלער און אים אָנגעזאָגט, אז דער פאָרהאַנג איז אַ ביסל צו קורץ און אַז עס זעען זיך אַרויס די דראַמאַטישע פיס.

האָט אים דער הויפּט פון אַלע הויפּט-קינסטלער אַ ווײַלע באַטראַכט מיט זיינע צוויי אונטערגעפענזלטע אויגן און דערנאָך האָט ער באַמערקט זייער קלוג:

— נו, זעט איר שוין! איר טענהט דאָך אַלץ אַז די יידישע בינע וואַקסט נישט, - לאָזט זיך אויס, אַז זי האָט די לעצטע צייט אַזאַ וואַקס געטון, קיין עין־הרע־נישט. אַז אַפילו דאָס פאַר־טוך איז אויף איר קורץ געוואָרן.

* * *

מאָראַל: מענער וואָס ווילן שנעל וואַקסן ווערן געראָטן זיך אונטערצושניידן די הויזן!

## דער דיכטער און דאָס פויגעלע

אַמאָל איז געווען אַ יונגער דיכטער, אַ הויכער מיט ברייטע פּלייצעס און געזונט ווי אַ בער. האָט ער געדיכטעט צו דריי דאָלאַר אַ שטיק, אַזוי לאַנג ביז וואַנען ער האָט זיך אויסגעדיכטעט, נישט געקאָנט מער שאַפן, הייסט דאָס. האָט דער דיכטער און זיין פרוי גענומען ליידן צו ביסלעכ-ווייז פון הונגער און טראַכטן פון — זעלבסטמאָרד און פון אַ שטעלע אין אַ רעדאַקציע.

האָבן זיך די רעדאַקציעס נישט געאיילט אים אויסצו-כאַפּן, און אַזוי ווי זעלבסטמאָרד איז אַ זאַך, וואָס מען מוז אליין באַגיין, אָן דער הילף פון אַ דייטשישן קאָלעגע, האָט ער זיך געפוילט עס צו טון און — איז בעסער געבליבן לעבן.

און אַז זיין לאַגע איז געוואָרן מער אומדערטרעגלעך, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט מיט דער הילף פון אַ געוויסן דייטשישן שטימונגס-דיכטער, האָט ער זיך געגעבן אַ קלאַפּ אין שטערן און אָנווייזנדיק אויף אַ קליין, נעבעכדיק פויגעלע, וואָס איז געהאנגען אין אַ שטייגל לעבן זיין קיך-פענסטער, האָט ער אויסגערופן :

— אָט דאָס פויגעלע מוז מיך ראַטעווען פון מיין שווע-רער לאַגע !

האָט זיך ס'פויגעלע דערשראָקן פון זיין אויסרוף און גענומען פישטשען ווי אַ קליין הינדעלע.

— אָ, ווי געטלעך דאָס איז! — האָט זיך דער דיכטער אַליין אונטערגעטריבן צו ווערן באַגייסטערט. — אָ, וואָס פאַר אַ טענער! וואָס פאַר אַ געזאַנג! איך מוז מיך זעצן דיכטן.

און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אויפגעדיכטעט אַ פיין לידעלע ווי אַ גאָלד, נאָר אַ קורצס. עס איז באַשטאַנען פון די צוויי קלאַנגען: „ציף-ציף!" און ער איז געבליבן שטיין.

— אָט צו דעמדאָזיקן ציף-ציף, ווען איך האָב נאָך אַ צוויי, דריי געדאַנקען, וואָלט איך געקאָנט מאַכן דערפון אַ לירישע זאַך — פאַר זעקס דאָלאַר! — אַזוי האָט גערעדט דער דיכטער צום קליינעם פויגעלע, וואָס האָט אויסגעקוקט מער ווי אַ הינדל ווי עפעס אַנדערש.

און דאָס הינדל-פויגעלע האָט געענטפערט:

— צעף-צעף!

— האָבן מיר שוין אי „ציף-ציף", אי „צעף-צעף"! — האָט געטראַכט דער דיכטער. — איצט ווען מיר האָבן נאָך אַ שטיקל איינפאַל, זענען מיר געראַטעוועט!

אָבער דער איינפאַל איז ליידער נישט געקומען. אַלץ, וואָס ס'איז געקומען, איז געווען אַ קליינער פּישטש פון דעם מיזעראַבלען פויגעלע:

— צוף-צוף!

אָבער מיט „ציף-ציף" און „צעף-צעף" און „צוף-צוף" איז דער דיכטער נישט געווען געהאָלפן. ער האָט באַדאַרפט אַ געדאַנק, אַן איינפאַל און דאָס האָט אים דאָס בידנע פויגעלע נישט געגעבן.

און דער דיכטער האָט זיך נעבעך אויסגעלאָזן ווי אַ ליכט.

* * *

מאָראַל: צו מאַכן אַ לעבן פון אַ פויגעלע איז נישט קיין פויגלדיקע פּרנסה!

# קינדער ליבע

אַמאָל איז געווען אַ בחור האָט ער געהייסן אַזוי און אַזוי. איז ער געווען זייער אַ קלוגער, האָט ער שטודירט די גאַלעריע פון פאַרשוווּנדענע זשענטלמענער און גענומען אַ טיפֿן אינטערעס אין בעסי טאָמאַשעפסקיס ביאָגראַפיע. אַז כּדי זיך צו פֿאַרפּאָלקאָמענען — סאַ האַרט וואָרט „פאַרפּאָלקאָמענען״! — מירן זוכן עפּעס אַן אַנדער וואָרט — אַלזאָ, כּדי זיך אויסצובילדן פאַר אַ פאָלנעם קולטור מענטש, האָט ער באַשלאָסן צו כאַפּן אַ קוק — פאַרן שלאָפֿן גיין — אין פּיליפּ קראַנצס קולטורדיקע געשיכטע און אין אַנדערע פּעליטאָניסטישע זאַכן.

פון די אַלע זאַכן איז דער בחור געוואָרן העכסט-קולטורעל געזאָנען, און האָט כּסדר געזידלט די מענטשהייט, זי גערופֿן מאַלפּע, מאַרק יידענע, קאָנסערוואַטיווע נשמה, אָפּגעשטאַנענער עלעמענט. א. ז. וו.

וואָס שייך חתונה האָבן, האָט אונזער קולטורעוואטער העלד באַשלאָסן, אַז קיינמאָל אין לעבן וועט ער נישט באַגיין אַזאַ נאַרישקייט, אַזאַ שמאַכינשאַנדע!

איינמאָל האָט זיך דערדאָזיקער בחור באַקאָנט מיט אַ קליידל, אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען אַ פריילין מיט ברענענדיקע אויגן, האָט ער גלייך גענומען באַוווּנדערן איר הערלעכע פיגור, גענומען צוגלייכן אירע אויגן צו צוויי זונען, איר בוזעם צו צוויי עלטערע דערוואַקסענע שעפעלעך, אירע האָר צו שוואַרצן גין-גאָלד און — אין פינף יאָר אַרום טרעפן מיר אים

שוין אין אן אייגענער דירה, אומגערינגלט פון אַ צעשוווּמענער יידענע, וואָס קנייפּט פון די קעשענעס פון איר פאַרטוך און וואַרפט אין מויל אַריין, און פינף יאַטן, וואָס מען דאַרף זיי איינוויקלען אויף עטלעכע וואָכן און זיי אויסזשמוקן אויף אַ וואַש-ברעטל.

— העלאָ! — זאָגן מיר צו אים — וואָס מאַכט איר עפּעס? וואָס מאַכן אייערע ליבע קינדערלעך? — און מיר געבן אויף אים אַזאַ סאַרקאַסטישן קוק, אַז עס ווערט אין אים אַנטפאַלן דער מאַמעס מילך.

קוקט ער אונז אַ ווײַלע אָן, קנאַקט די פינגער איבער פיליפּ-קראַנצס קולטור געשיכטע און מאַכט צו אונז מיט אַ זיפץ:

— איר ווּנדערט זיך מסתמא, למאי, איך, אַ פּראָפעסיאָנעלער קעגנער פון דער הייראַט און אַלגעמיינער פרויען-האַסער, האָב חתונה געהאַט?

— יאָ, זאָגן מיר, עס איז אונז טאַקי אַ שטיקל חידוש.

— נע, (אַכצ) ער און קוקט מיט איין אויג צום הענגלייכטער — איך האָב געמוזט חתונה האָבן צוליב די קינדערלעך געבעך — כדי זיי זאָלן האָבן אַ טאַטן.

* * *

מאָראַל: אַז עס שטייט אין פּסוק: „כרחם אב על בנים" — מסתמא דאַרף טאַקי אַזוי צו שטיין — מען וועט דאָך נישט נעמען גלאַט אַ פּסוק און אים אַריינשטעלן.

פּ. ס. און אפשר יא! ווער קאָן וויסן?!

# פינסטער זאָל ווערן

אַמאָל איז געווען א יונגער מענטש האָט ער ליב געהאַט — ליב צו האָבן. האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ ברונעט, נישט זייער חנעוודיק באַשעפעניש מיט מענטשלעכע אויגן, מענטשלעכע ליפּן און — זע זייטע 364 פון דער פאָלקסביבליאָטעק פאַר ווייטערע אינפאָרמאַציאָנען.

פלעגט ער נעמען דאָס נישט-חנעוודיקע געשטופּלטע מיידל און מיט איר אַרומגיין אין די פּאַרקס — אין די גרינע פּאַרקס, אין די דופּטיקע פּאַרקס און — רעדן וועגן ליבעס-ביכלעך, וועלכע מען קאָן איצט קויפן זייער ביליק — צוליב פאַרשידענע אורזאַכן.

— קום, לאָמיר זיך זעצן אָט-דאָרטן אויף יענער באַנק. ס'ליכט שטעכט מיר אין די אויגן! — פלעגט אים ס'מיידל אָפּט איבערשלאָגן די רייד.

אין אַזאַ צייט פלעגט ער אויף איר אַ קוק טון מיט אַ האַלבן ברוגזן בליק, אָפּשאַצן די נישט-חנעוודיקייט פון איר געשטופּעלטן פּנים, אויף וועלכן עס איז געווען נישט אָנגענעם צו קוקן, און ענטפערן:

— מ'דאַרף נישט אויסמיידן קיין ליכט. ס'איז דאָ אויך גאַנץ גוט צו זיצן.

נאָר איינמאָל האָט זיך פאַרלאָפן אַ גרויס פאַרלויפעניש, היינו: אונזער יונגער, ראָמאַנטישער בחור האָט זיך באַקאַנט

און — ביים באַקענען זיך פ אַ ר ל י ב ט אין אַ שיינער, הויכער יונגער דאַמע מיט אַ צאַרט סמעטענע-מיט-פּאַזימקע געזיכט, וואָס איז געווען פריש און מחיהדיק און שיין, אַז ס'איז געווען אַ נחת צו קוקן דאַרויף.

פלעגט ער מיט איר — ביינאַכט — אומגיין אין די פּאַרקס — אין די גריגע, אין די דופּטיקע שיטער-באַמענטשטע פּאַרקס. אָבער מער ווי מ י ט איר, פלעגט ער אויסגיין אָן איר. ווי אַ ליכט פלעגט ער אויסגיין, אַז ער האָט בלויז עטלעכע טעג נישט געזען די סמעטענע-מיט-פּאַזימקע שיינקייט פון דער יונגער דאַמעס געזיכט.

און וואָס מער ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז זי איז אַ געוואַלטיקע שיינהייט, און אַז עס איז אַ מחיה צו קוקן אויף איר געזיכט — אַלץ מער האָט ער נישט געוואָלט קוקן אויף איר, אַלץ מער האָט ער געוואָלט זיין מיט איר אין דער פינסטער.

אַ מערקווירדיקער פּאַראַדאָקס!

— קום מיין טייערע, לאָמיר זיך זעצן אויף יענער באַנק. ס'ליכט שטעכט מיר אין די אויגן! — פלעגט ער אָפט זאָגן צו דעם חנעוודיקן וועלט-קינד, מיט דעם שלאַנקן, קעצישן קערפּער און מיט דער סמעטענע-און-פּאַזימקע פרישקייט אין אירע באַקן.

וואָס מער ער האָט ליב געקראָגן ס'מיידל, אַלץ מער האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט דער האַס צו פּאַליציי-לייט און לאַמטערנס און וואָס שטאַרקער ער האָט פיינט געהאַט פּאַלי-ציי-לייט און לאַמטערנס, אַלץ שטאַרקער האָט ער ליב געהאַט די עלעגאַנטע דאַמע מיט די — צו אונז גוט-באַקאַנטע, כאָטש פון א ו נ ז אַזוי גוט ווי פון א י ם נאָך נישט געקושטע — באַקן.

— דו ביסט אַזוי שיין, אַזוי שיין! — פלעגט ער זיך באַגייסטערן אין וואַרימע זומער-נעכט — איך וואָלט קיינמאָל נישט מיד געוואָרן צו קוקן אויף דיין פּרעכטיק געזיכט.

און ער פלעגט ענדיקן:

— קום לאָמיר זיך זעצן אָט-דאָרט, אויף יענער באַנק.

ווי ס'איז פינסטער. ס'לאמטערן-ליכט שטעכט מיר אין די אויגן.

און זי פלעגט ענטפערן קלוג, ווי א לייט-ארטיקל:

— ווי קומט עס, וואָס אזוי שנעל ווי א מאַן געפינט אויס, אז א פרוי איז אזוי שיין, אז ס'איז א נחת אויף איר צו קוקן, וויל ער מיט איר זיין אין דער פינסטער?

* * *

מאָראל: בעסער מיט א מאָדערנער פרוי צו זיין אין דער טונקלהייט — איידער פארקערט!

# די אָפענע האַנט

שוין פון קליינערהייט אָן האָט מען געזען, אַז דאָס וואַקסט אַ פרי שבפירות. ביי קליינע יינגלעך פלעגט ער אויסנאַרן דאָס פוטער־ברויט, ביי גרעסערע פלעגט ער אָפּדרייען די קנעפּלעך פון די בונדעלעך, בעת די בונדעלעך זענען געהאָנגען אין חדר אויף דער וואַנט און ער פלעגט זיי אויסטוישן פאַר באָנבאָנעס, און אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ טבע צו פייניקן אומשולדיקע קעץ, ציגן, מלמדים, העגערבאַהעלפערס, א. אַז. וו.

האָט די מוטער צו אים געטענהט:

— ליב קינד מיינס, זע וואָס דו טוסט! דו פאַרשוואַרצסט דיינע טאַטע־מאַמע ס׳פנים! אַ מער: זיי אַ גוט יינגל, טשעפּע נישט קיינעם, האָב אַ גוט הארץ און דער עיקר — האָב אַן אָ פ ע נ ע ה אַ נ ט!

און דער טאַטע זיינער האָט אים אויך גע׳עצהט: האָב אַן אָ פ ע נ ע ה אַ נ ט פאַר יידן, וועט דיר גוט זיין!

יאָרן זענען אַוועק. דער קליינער הברה־מאַן איז אונטערגעוואַקסן און — מערקווירדיק! אַלע אַנדערע עצות, וואָס זיינע טאַטע־מאַמע האָבן אים געגעבן אין דער יוגנט, האָט ער פאַרגעסן, נאָר די עצה צו האָבן אַן אָ פ ע נ ע ה אַ נ ט האָט ער נישט פאַרגעסן.

איר קאָנט אים זען יעדן טאָג לעבן דער נאָר־פאָלק־

סטריט-שול, ווּ ער שטייט מיט אַן אָפּענער האַנט און — בעטלט נדבות.

* *

מאָראַל: אָרימקייט איז גישט קיין שאַנדע נאָר אַ — פּרנסה!

# ד ע ר  פ ר ע מ ד ע ר

איך האָב אַמאָל געקענט אַ יידישן דיכטער, וועמעס נשמה האָט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט אויף זיין געזיכט.

זיין פּנים, הייסט עס, האָט פאַרשוויגן זיין גרויסקייט און זיינע אויגן האָבן אומעטיק געוואַכט איבער דעם איינפאַכן אָבער ערלעכן ד ר ו י ס ן פון זיין פּערזענלעכקייט.

איינמאָל האָט דערדאָזיקער דיכטער געוואָלט גיין אין יידישן טעאַטער זיך אָנוואַרימען אָן דעם יונגן פרייליין קונסט, האָט ער ביי דער קאַסע זיין וויזיט-קאַרטע דערלאַנגט און אַ פרייען בילעט געבעטן.

האָט אים דער קאַסיר אָפּגעמאָסטן מיט אַ פאַרדעכטיקן בליק, אים צוריקגעגעבן דאָס וויזיט-קאַרטל און אים געזאָגט, אַז ס'איז ליידער און אָהאָ! נישטאָ קיין פּלאַץ.

האָט דער דיכטער אַ לייכטן שמייכל געטון, אַוועק ערגיץ אין אַ ווינקל, ווו דער קאַסיער האָט נישט געקאָנט זען, און האָט אויף דער לינקער זייט פון זיין וויזיט-קאַרטל אָנגעשריבן:

„ביטע אַריינצולאָזן דעם איבערגעבער פון דיזן קאַרטל אין אייער טעאַטער. מיט גרוס....״ דאָ האָט ער אונטערגעשריבן זיין אייגענעם נאָמען, און ס'קאַרטל צו דעם טעאַטער דירעקטאָר דערלאַנגט, וועלכער האָט אים מיט גרויס דרך-ארץ אין זיין קונסט-טעמפּל אַריינגעפירט און אים אַ פּלאַץ אין דער שענסטער לאָזשע אַוועקגעגעבן.

* * *

מאָראַל: אום צו זיין אַ גרויסער מענטש איז נויטיק צו זיין מער ד ע ק אָ ר אַ ט י ו ו ווי נוצלעך..

## די געטרייע טאָכטער

עס איז געווען שפּעט בייַנאַכט און זיי זענען געזעסן אין דער פינסטער. האָט ער פון צייט צו צייט פאַרלוירן די לינקע האַנט אַרום איר טאַליע און נאָכגעשיקט די רעכטע האַנט זוכן די לינקע. האָבן זיך ביידע הענט פיין אַמוזירט. די הערצער האָבן געקלאַפּט — צוזאַמען מיט די צוויי זייגערס וואָס זענען געשטאַנען אין פראָנט־רום. די אויגן האָבן געגליט צוזאַמען מיט אַ מאַסע שטערן, וואָס האָבן, אפשר, געפינקלט אויפן הימל. די ליפן האָבן זיך באַגעגנט צוזאַמען מיט פילע נאַרישע עקסטרעמען. די זעלן האָבן שטיל גערוישט צוזאַמען מיט די עטלעכע מייז, וועלכע זענען בגנבה אַרומגעלאָפן אַרום די וואַש־טעפּ.

ענדלעך האָט דער זייגער געקלונגען דריי.

נישט דער בייטאָגיקער דריי, נאָר דער נאַכטיקער, דער פרימאָרגנדיקער.

האָט דעם זייער אומשולדיקן מעדכענס געוויסן ערוואַכט, און זי האָט אַזוי געזאָגט — האָט זי:

— ליבער, געליבטעסטער געליבטער! מייַנע עלטערן האָבן מיר פאַרבאָטן דיך צו זען, קאָן איך נישט גיין קעגן זייער ווונש.

— נו, גוט! — האָט ער געענטפערט. — מיר וועלן נישט גיין קעגן דייַנע עלטערנס באַפעל. אויב זיי ווילן נישט, אַז מיר זאָלן זיך זען, וועל איך — אויסלעשן דעם גאַז.

און ער האָט אויסגעלאָשן דעם גאַז!

* * *

מאָראַל: די ליבע איז בלינד, דעריבער קען זי זיך גאַנץ שיין אויסדריקן אין דער פינסטער.

# דער ראַדיקאַל

ער איז געווען אַ ראַדיקאַל און האָט געהייסן פערדינאַנד-לאַסאַל-מאַרקס-קאַוטסקי.

אַ חוץ דעם שיינעם נאָמען האָט דערדאָזיקער ראַדיקאַל אויך פאַרמאָגט עטלעכע פאָר פלודערן מיט ראַדיקאַל אויסגעריבענע זיץ-פלעצער, אַ פאָר שיך מיט ראַדיקאַלע, געלע קנעפּלעך און האָט זיך געגאָלט דעם קאַרק אויף אַ ראַדיקאַל-קיילעכדיקן אויפן.

אַ פלאַם-פייערדיקער ראַדיקאַל און קלאַסנבאַוווסט וואָס קלאַסנבאַוווסט קאָן נאָר זיין.

איינמאָל האָט אונזער פערדינאַנד-לאַסאַל-ק. מאַרקס-קאַוטסקי איבערגעלייענט אַ בראָשורע וועגן פרייע ליבע, ווו עס ווערט געפּרעדיקט דער שיינער אידעאַל, אז מענטשן דאַרפן פון צייט צו צייט הייראַטן פריי ווי די קאַנאריקלעך און טעדי-בערן – איזוויניטיע זאַוויראַזשעניע! — און ווייטער ווערט דאָרט געפּרעדיקט, אַז געזעצלעכע פרויען זענען אַ שאַנדע און שמאך פאַר דער ציוויליזאַציע און דעריבער — דאָלאָי מיט דעם אַלטן סיסטעם!

אַז אונזער ראַדיקאַל האָט דאָס דערהערט (פון דער בראָשורקע) איז ער אַוועק אַ היים צו זיין פרוי, וועלכע האָט געהייסן האשע-גיטל און וועלכע איז נעביך געווען אַ כשרע יידענע, אַן אמתע צדקניות און צו איר אַזוי געזאָגט:

– האשע-גיטל מיין ווייב! גענוג געלעבט ווי קאַניבאַלן, קלעריקאַלן, אָרטאָדאָקסאַלן! גענוג געווען געזעצלעך פאַרהייראַט! איך וויל דיך אָפּגטן און דאַן וועל איך קאָנען מיט דיר לעבן,

ווי מיט אַ פרעמד ווייבל, און דאָס וועט זײַן אַזוי נאָבעל, מײַן טײַערע חאַשע-גיטעלע.

צומאָרגנס האָבן זיי זיך געגט (כאָטש חאַשע-גיטל איז שטאַרק געווען דאַקעגן) און איצט לעבן זיי גליקלעך אַלס זינ-דיקע צוויי-און-זעכציק-יעריקע ליבהאָבער.

* * *

מאָראַל: אַ מענטש איז נישט קײן בהמה — ער האָט נישט אַזויפיל שכל.

# דער מבין גדול

אַן אויפגעקומענער עושר. האָט ער געהאַט אַ שיינע אומשולדיקע ביבליאָטעק, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געטשעפּעט. אַ פיינע פּיאַנאָ, אויף וועלכער זיין ווייב פלעגט פון צייט צו צייט... איבערשרעקן די מייז. און אויך — קונסט בילדער.

מען שמועסט — אַ מאָדערנער מענטש!

איינמאָל אין אַ שיינעם אָדער נישט קיין שיינעם פרימאָרגן איז ער זיך מיישב: אַלע רייכע לייט האָבן אייל-בילדער, וועט ער זיך אויך לאָזן מאַכן אַן אייל-בילד פון זיין פערזענלעכקייט.

איז ער אַוועק צו אַ גרויסן מאָלער, וועלכער האָט געהאַט אַ שם פאַר די גרויסע קונסט... פרייזן, וואָס ער האָט גערעכנט, און צו אים אַזוי געזאָגט:

— מיסטער, איך וויל, אַז איר זאָלט מיר אַ מאַך טון אַן אייל-פּיקטשע, אָבער אַ פעטע! ווי זאָגט ער, אַז עס זאָל אַזש רינען איבער די פּיסקעס. איך קען עס אַפאָרדערן!

האָט אים דער מאָלער אָפּגעמאָסטן מיט אַ קלוגן בליק און אים געהייסן קומען מאָרגן.

צו מאָרגנס אין דער פרי האָט זיך אונזער קונסט-ליבהאָבער גענומען אַ וואַנע פון בוימל. אויסגעטרונקען אַ פלעשל אייל-בירט-בוימל, און פאַרביסן מיט פעטע בלינצעס איינגעטונקען אין בוימל און איז אַוועק נעמען די ריכטיקע „אייל-פּיקטשע".

איז צווישן אים און דעם מאלער פאָרגעקומען אזא מין דיאלאָג:

מאלער: זייט אזוי גוט און גיט א דריי דעם קאָפּ אויף לינקס, וועט זיין א בעסער ליכט.

דער אויסגעשמירטער ייד: ווער דאַרף ס'ליכט?! איר גיסט בעסער צו אביסל מער אייל, זשאלעוועט נישט!

מאלער: שמייכלט אביסל אויפריכטיקער, פּליעז!

דער ייד: ווער דארף ס'שמייכלען! גיסט בעסער אונטער א ביסל מער בוימל. איך וויל עס זאָל ארויסקומען פעט ווי א בלינטשע מיט א סך אייל...

מאלער: הערט זיך אויף דלאָבען ס'אויער, זייט אזוי גוט!

דער ייד: דאָס איז נישט וויכטיק: וויכטיק איז, אז איר זאָלט גיסן וואָס מער אייל... איך וויל עס זאָל ארויסקומען א רייך בילד, א פעטע... נישט קיין קבצנישע.

מאלער: ס'איז אָלרייט. איך ווייס וואָס איך האָב צו טון.

דער ייד: ס'מאַכט נישט, וואָס איר ווייסט! איר כליאַפּעט בעסער אונטער א פריש גאלונטשיקל מיט אייל. זשאלעוועט נישט מיין געלט. איך קאָן דאָס ב"ה אפּאָרדערן!

* * *

מאָראַל: די אמתע מבינים אויף קונסט זענען פאַרט די יידן מיט די טוליפּלעך.

## גערעטעוועט

אַמאָל איז געווען אַ ייד, האָט ער געהייסן שלמה. איז ער געווען אַ ווילער ייד, אַ בכבודער, מיט אַ צעקאַמטער באָרד — אַ שיינער, מיט אַ הדרת־פּנים און ער איז געווען אַ רעוורענד.

דער באַרימטער רעוורענד שלמה.

ער האָט טאַקע אַזוי אדווערטייזט אין די פּעיפּערס: «רעוורענד שלמה, וואָס איז וועלט־באַרימט און באַקאַנט צו אַלעמען, בעט באַקאַנט צו מאַכן זיינע פילע פריינדע און פאַרערער, אַז ער האָט זיך שוין צוריקגעקערט פון זיין רייזע קיין קאַנאַרסי און אַז ער איז אָפן פאַר ביזנעס».

פּליין יידיש!

מאַכט זיך אַמאָל אַ מעשה, אַז דער רעוורענד שלמה, וועלכער איז געווען אַ שטאַרק־פאַרהייראַטער מאַן און אַ טאַטע פון עטלעכע שיינע, בכבודע קינדערלעך, האָט באַדאַרפט פאָרן קיין ווירדזשיניא פאַר ביזנעס. איז פאַראַן צוויי וועגן: אָדער מען פאָרט מיט דער באַן, איבער באַלטימאָר א. אז. וו., אָדער מען פאָרט מיט דער שיף דירעקט קיין גאָרפאָלק.

דער רעוורענד שלמה האָט אויסגעקליבן דאָס ערשטע — כאָטש ס׳איז ווייניקער באַקוועם.

אורזאַכע: פאַראַן א געוויס ווייבל אין באַלטימאָר!

האָט רעוורענד שלמה פאַרבראַכט אין באַלטימאָר עטלעכע אָנגענעמע טעג און — מערקווירדיק! דאָס האָט אים געראַטעוועט פון גרעסטן אומגליק. וואָרים די שיף מיט וועלכער ער וואָלט

זיכער געווען אָפּגעפּאָרן (ווען נישט דאָס ווייבל), האָט זיך גראָד אָנגעשלאָגן אין אַ פּעלז און איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע פּאַסאַזשירן.

אַז דער רעוורענד שלמה האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך געוואַשן די הענט, געבענטשט גומל און אַ גליקלעכער, מיט אַ צעקאַמטער באָרד, איז ער אַוועק צוריק אַהיים צו זיין ווייב-און קינדער, וועלכע האָבן זיכער געמיינט, אַז ער איז דערטרונקען געוואָרן.

אויף דער פראַגע פון זיין פרוי, ווי אַזוי — מיט וועלכע נסים — ער האָט זיך געראַטעוועט, האָט רעוורענד שלמה אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געענטפערט: „אונזער גאָט האָט דאָס געטון! לאָמיר אים דאַנקען!“ און ער האָט זיך געשטעלט דאַווענען מנחה.

* * *

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

מאָראַל: אַ רעווערענדס נשמה איז אויך נישט קיין ראָזשינקע!

## די רויטע ראָזע

די רויטע ראָזע איז נישט געווען קיין בלום, נאָר אַ מיידל אַזאַ. זי האָט נישט געוואַקסן אין קיין גאָרטן און נישט געדופטעט. אַדרבא — זי איז געווען אַ פּשוטע מויד, אַ געזונטע ווי אַן אייזן און האָט געאַרבעט אין אַ רעסטאָראַן.

און זי האָט געבליט. געבליט אויף דעם פּעטן מיסט פון מיסטער שוועמלס רעסטאָראַן. געבליט פון די שטראַלן פון דעם אויבער-קעלנערס אויגן. געבליט אויף דעם פרישן טוי פון די יויך-קעסלען און איז, ווי זאָגט פּינסקי, „עמפּאָר געוואַקסן” צו אַ ווונדערבאַרן „געשעפּף”, — צו אַ זעלטענער פלאַנץ.

די ראָזע, די רויטע ראָזע. די בלום פון שוועמלס פופצן-סענטיקן רעסטאָראַן!

און אַז סע פלעגט קומען. אַרום צוועלף אַ זייגער ביי-נאַכט, ווען די קונדן זענען געוואָרן ווייניקער, און דער טוי פון די יויך-קעסלען האָט זיך געזעצט אונטער דעם סופיט פון רעסטאָראַן, און דער באָס, מיסטער שוועמל, פלעגט שטיין ביים רעדזשיסטער און איבערציילן די קאַלטע זילבערנע און קופּערנע מטבעות פון טאָג לייזונג — דעמאָלט פלעגט די רויטע ראָזע אַרויסשלעפּן פון קיך אירע גרויסע, פערדישע פיס, אַריינקומען אינעווייניג אין רעסטאָראַן, אָפּזוכן אַן אַלטע צייטונג און נעמען לעזן דעם רירנדיקן ראָמאַן „דער זייגער-מאַכער” און — וויינען ווי ביי אַ רירנדע דראַמע.

אַלע נאַכט אַזוי.

האָט דער באָס, מיסטער שוועמעל, דערזען, אַז די רויטע ראָזע איז אַ סענטימענטאַלע פרוי, אַ ווייכע פרוי וואָס גיסט טרערן איבער דעם שיקזאַל פון דעם ליבענדן זייגער-מאַכער, האָט ער זיך באַטראַכט, אַז מען דאַרף מיט איר פאַרטשעפען אַ ליבע.

און אַמאָל, בשעת די רויטע ראָזע איז געזעסן און געוויינט איבער דעם אומגליקלעכן זייגער-מאַכער, איז צו איר צוגעקומען מיסטער שוועמעל, איר אַ קניפ געטון אין אַ באַק, דאַן אַ קיצל געטון, דאַן האָט ער זי געוואָלט אַרומנעמען.

אָבער — אָ! און עך-הע! אין אָט-דעם מאָמענט האָט דער פאַרפירערשער מאַן ערשט אויסגעפונען, אַז יעדע ראָזע האָט אירע דערנער — וואָס שטעכן. ביי איר איז עס געווען נישט קיין דערנער, נאָר שפּילקעס, מיט וועלכע זי האָט פאַר-שפּיליעט איר בלוזע...

מיט צעשטאָכענע, צעבלוטיקטע הענט איז מיסטער שוועמל אָפּגעטרעטן פון דער רויטער ראָזע, וועלכע איז געווען צופיל פאַרטון אין „זייגער-מאַכער” צו שענקען אויפמערקזאַמקייט צו אָט-דער סצענע.

* * *

מאָראַל: נישטאָ קיין ראָזע אָן שטעכערס.

# פרויען און וועלף

אַמאָל איז געווען אַ בחור מיט ברענענדיקע אויגן. באַצווינגנדיקע אויגן.
אויגן ווי לאָמפּן, ווי שטורקאַצן, ווי שרפות.
האָט דערדאָזיקער בחור די האַרטסטע פרויען-הערצער מיט זיינע אויגן צעשמאָלצן און זיי איבערגעפורעמט אין אַ פורעם פון זינד און נאַרישקייטן.
האָבן פאַרהייראַטע פרויען געזאָגט וועגן אים:
— אַך, סאַראַ ווונדערבאַר-באַאויגטער מענטש, דער הער מ. ס. ל. ב. איז!
האָבן אַנדערע צוגעגעבן:
— אַך, סארא מעכטיקע אויגן ער האָט! מיט זיינע אויגן וואָלט ער געקאָנט צאָמען דעם ווילדסטן לעמפּערט און דעם שרעקלעכסטן טיגער.
— די אויגן! די אויגן! — האָט מ. ס. ל. ב. געטראַכט, די אויגן זענען מיין פאַרמעגן, מיין קרוין, מיין צירינג-קעסטל — די אויגן וועלן מיך נאָך אַמאָל גליקלעך מאַכן.
און ער האָט באַשלאָסן אַוועקצופאָרן ערגיץ אויפן לאַנד שעפּן פייער פאַר זיינע ווונדערבאַרע אויגן און לופט פאַר זיין גרויסאַרטיקער נשמה.
באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין דער פאַרוואָרפענער פאַרם, האָט ער באַשלאָסן אַ״ע טאָג אויפצושטיין (ווי תמיד!) מיט אַ שעה פריער ווי געוויינלעך און זיך אַריינקוקן אין די

אויגן אַריין אַלע שיינקייטן פון גאָטס וועלט און זיי דאָרט באַהאַלטן פאַר די ווייבלעך פון די בראָנקס.

אָבער שוין אויפן ערשטן שפּאַציר, האָט זיך אים געטראָפן אַ שטיקל שטערונג — היינו: אַ וואָלף.

אַז מ. ס. ל. ב. האָט דערזען דעם וואָלף, האָט ער אויפן ערשטן אויגנבליק געוואָלט אַנטלויפן, אָבער דערנאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיינע אויגן, אויף וועלכע ווייבער האָבן געזאָגט, אַז זיי קאָנען באַצווינגען אַפילו אַ טיגער און — ער איז געבליבן שטיין פּנים-אל-פּנים קעגן וואָלף און אים אָנגעקוקט — אים אָנגעקוקט מיט זיינע צוויי גרויסע, ליכטיקע, פייערדיקע אויגן.

אַז דער וואָלף האָט דערזען דעם בלישטש פון די וואונדערבאַרע אויגן, האָט ער זיך דערשראָקן און — אים אויפגעגעסן מיט די אויגן, מיט אַלעמען.

אזוי שטאַרק האָט זיך דער וואָלף פאַר אים דערשראָקן!

און אַז די בראָנקסער ווייבלעך האָבן דערזען די פאָר געקנעפּלטע שיך און דעם האַרטן קאַפּעליוש, וואָס מ'האָט פון אים אַהיימגעבראַכט (מער איז נישט געבליבן!) האָבן זיי נעבעך געוויינט אַ גרויס געוויין. — אַ שטילס, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט הערן — אַפילו נישט זיי אַליין.

* * *

מאָראַל: אַ הונגעריקער וואָלף איז נישט קיין פרוי. ער האָט פיינט, אַז מ'קוקט אים צו שטאַרק אין די אויגן אַריין!

## דער מאַן מיטן מעסער, דער מאַן מיט דער זעג

אַמאָל איז געווען אַ מענטש, האָט ער געהייסן אַ געוויסן נאָמען. עלטער און אָפּשטאַמונג אומבאַקאַנט. האָר שוואַרצע ווי פּעך און צוויי ליכטיקע אויגן ווי איך-ווייס-אַליין-נישט-וואָס.

דערדאָזיקער מענטש האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו דינען דער מאַדאַם וויסנשאַפט. איז ער געזעסן טאָג אין נאַכט און געליינט אַלטע ביכלעך, און געציפערט ציפערן, און געטאַבעלעט טאַבעלן, און געשליפן דעם מח אַזוי לאַנג ביז וואַנעט ער איז געוואָרן שפּיציק ווי אַ פּיראַמידע און שאַרף ווי אַ חלף — נאָר צו קוילענען בהמות!

דאַן האָט ער געקראָגן אַ דיפּלאָם „דאָקטאָר מעדיצין" און זי איינגעפּאַסט אין אַ רעמל. פּרייז 1.98 ד.

דערנאָכדעם האָט ער געהאַט פאָלגנדע הוצאות:

1) כירורגישע מעסערס, זעגן, דלאָטן און שרויפנציערס 634.00 ד.

2) טישלעך, אש-טעצלעך, עלעקטערישע מאַשי-נען, שילדן און איילבילדער — — — — — — 981.00

3) אויסגעריבן הויזן, בשעתן זיצן און וואַרטן אויף פּאַציענטן — — — — — — — — 118.00

4) עטהער, כלאָראָפאָרם, גאַז און שפּאַקטיוון 615.00

5) פאַר מאַניקירן די נעגל און פאַר פאַרשפּיצן דאָס בערדל — — — — — — — — 114.00

דאָס רעמל פאַר דעם דיפּלאָם — — — 1.98

---

ס"ה צוזאַמען — — — — — — — 2,292.98

ענדלעך האָט זיך באַוויזן אַ פּאַציענט. דער דאָקטאָר האָט אים אַרויפגעטאַסקעט אויפן נייעם טיש און אים אַטאַקירט מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין וויסנשאַפט, וואָס האָט באַטראָפן צוויי טויזנד צוויי הונדערט און צוויי און ניינציק דאָלאַר מיט פּעניס, און מיט דעם נייעם זעקס-און-אַ-האַלב-דאָלאַרדיקן דלאָט, האָט ער ביי אים אַרויסגעדלאָבעט דעם **אַפּענדיק**, פון וואָס דער פּאַציענט איז אין צוויי טעג אַרום פאָלשטענדיק — געשטאָרבן.

* * *

**מאָראַל**: אַז מען גיט אויס געלט פאַר אַ זאַך, איז דאָס ווערט!

# דער טרוימער

אַמאָל איז געווען אַ בחור האָט ער געהייסן אַזוי און אַזוי. האָט ער כּסדר געקוקט צום הימל און געטרוימט אַלערליי טרוימעניש. האָבן פרעמדע מענטשן געזאָגט: „ער איז אַ טרוימער — ער טרוימט.“ האָט דער טאַטע זיינער געזאָגט: „וואָס טויג מיר זיין טרוימען, וואָס ער טרוימט, אַז ער גייט אַרום ליידיק“. האָבן עדעלע מענטשן אים פאַרענטפערט און געזאָגט: „אַ יונג קינד, זאָל ער זיך אויסטרוימען, דערנאָך וועט ער זיך אויסלערנען עפּעס אַ פאַך“.

איז אַוועק אַ יאָר און צוויי און דריי און פיר און פינף א. אַז. וו. און אונזער טרוימער פלעגט אַלע שבת-צו-נאַכט גיין אָנקוקן אַ נייע כּלה, זיך אָנטרינקען מיט מעד (ער איז געווען אַ גאַליציאַנער), אויפעסן די פּאָר פיינע אייער-קיכלעך, און דערנאָכדעם פלעגט ער גיין אַהיים קוקן אין שפּיגעלע, זיך דרייען די ערב-וואָנצעס און טרוימען אַלערליי טרוימעניש.

האָט אים דער פאָטער זיינער אַרויסגעטריבן מיט זיין שבתדיקן שטעקן און נאָכגעוואָרפן די יאַרמולקע, וואָס האָט אים געטראָפן אין פּלייצע און פאַרוואונדעט זיינע געפילן.

האָט זיך דער טרוימער מיישב געווען, זיך פאַרליבט אין אַ מיידל און איר געשווירן טרייהייט ביז צום לעצטן אָטעם-צוג, אַז נישט זאָל ער איינגעמען א מיתה-משונה דאָ אויפן אָרט.

האָט זי געזאָגט: „צוערשט לערן זיך אויס אַ מלאכה״.
און זי איז אַוועק קיין פילאַדעלפיאַ.

איז ער געוואָרן קאָסטימער־פעדלער.

זעכצן אַוועק געגוי עלף יאָר און דער קאָסטימער־פעדלער האָט אַלץ געבענקט נאָך איר, וועמען ער איז שולדיק געווען זיין לעצטן אָטעם־צוג, אָבער אַז זי איז אין פילאַדעלפיאַ איז אים נישט איינגעפאַלן!

אויפן צוועלפטן יאָר האָט דער קאָסטימער־פעדלער אויסגעפונען, אַז די שטאָדט פילאַדעלפיא איז די ביליקע שאָלעכץ, אין וועלכער עס געפינט זיך די טייערע פרי — זיין געליבטע,

האָט ער זיך אויפגעזעצט אויף דער באַן און איז אַוועק קיין פילאַדעלפיאַ.

און ווי אַ דונער, וואָס פאַלט אַריין אין אַ רואיקער שטאָדט, אַזוי איז ער אַריינגעפאַלן צו זיין געליבטער אין שטוב אַריין. און מיט אַ ציטערדיק קול, אין וועלכן עס האָט געקלונגען די טיפע בענקשאַפט פון זיין האַרץ האָט ער געפרעגט:

פעני, ווילסט קויפן א פיינע קאָלדרע ביליק?

* * *

מאָראַל: געשעפט איז געשעפט.

# דער איבערמענטש

ער האָט זיך איינגעשמועסט, אַז ער איז אַן איבער־מענטש, אַ ריז, אַ גיגאַנט אַ קאָלאָס, אַ טיטאַן און אַז סע זיצט אין אים אַ מערקווירדיקע קראַפט.

האָט ער גענומען טראַכטן: צו וואָס, למשל, קען ער זיין געגליכן? און ער האָט באַשלאָסן. אַז ער איז אַ לאָקאָמאָטיוו! — אַ שטאָלצער מעכטיקער לאָקאָמאָטיוו, וואָס פאָרט קיין שיקאַגאָ און פייפט...

מילא, דאָס פייפן איז אים אָנגעקומען לייכט, אָבער נישט אַזוי לייכט איז אים אָנגעקומען צו פאָרן קיין שיקאַגאָ, ווי עס האָט אויף אים געוואַרט אַ יונג איבער ווייבעלע וועלכע איז אויך געווען אַ ריזיקע קראַפט און פלעגט דעקלאַמירן ביי קאָנצערטן.

ענדלעך האָט ער זיך מיישב געווען: אַ לאָקאָמאָטיוו איז ער, פייפן קען ער — טו וואָס זאָל אים אָפּהאַלטן פון לויפן אין שיקאַגאָ?

און ער איז אַוועק. אָבער גלייך נאָך אים איז אַוועק אַ טעלעגראַמע: „דער משוגענער ברוך איז אַנטלאָפן קיין שיקאַגאָ". האָט מען געכאַפּט דעם „לאָקאָמאָטיוו" און אים פאַרקערעוועט צוריק קיין ניו יאָרק.

און פון דעמאָלט אָן איז דער איבערמענטש געוואָרן אויס איבערמענטש און געוואָרן צוריק אַן אונטערבינלער.

* * *

מאָראַל: שווער פאַר אַ לאָקאָמאָטיוו זיך אַליין צו פירן!

## דער פֿאַרביסענער קעניג

אַמאָל איז געווען אַ קעניג.

האָט ער געקעניגט — טאָג און נאַכט, נאַכט און טאָג, און אַז עס איז אים מיאוס געוואָרן דאָס קעניגן — האָט ער זיך נישט געקענט העלפֿן און ער האָט ווייטער געמוזט קעניגן.

ווייל ער איז געווען אַ קעניג.

אַז דערדאָזיקער קעניג, וועלכער האָט געהייסן קעניג מלך דער 31-טער, האָט געהאַט אָפּגעקעניגט אַ צייט פֿון פֿופֿציק יאָר, האָט דאָס פֿאָלק באַשלאָסן צו פֿייערן די געלעגנהייט מיט מוזיק, טענץ און מיליטערישע פּאַראַדן.

גראַטסאַרטיק!

אַז דער קעניג מלך דער 31-טער האָט דאָס געהערט, האָט דאָס אים זייער געפֿרייט און ער האָט אויסגערופֿן — פֿון בעט אַרויס:

— לאָז מען נעמען דעם קעניג און אים אָנטון די פּאַראַדנע גאָלדענע פֿלודערן מיט די אַלע זאַכן, וועלכע וועגן גענויע 42 פֿונט — אַ חוץ די קעשענעס.

האָט מען דעם אַלטן קעניג אַרויסגענומען פֿון בעט, אים אָנגעטון די גאָלדענע פֿלודערן, מיטן מעשענעם העמד, מיטן קופּערנעם וועסטל און דעם גרעיד-עי-זילבערנעם אויבער-ראָק, מיט דעם ראַדיום-היטל, מ׳האָט אים אָנגעשפּיליעט 119 פֿונט מעדאַלן — וועלכע ער האָט זיך אַליין געשאָנקען און... מ׳האָט אים אַרויסגעשטופּט אויף דער פּאַראַדע.

אַז דער אַלטער, שווער באַלאַדענער קעניג איז אָפּגעריטן עטלעכע גאַסן איז אים געוואָרן שרעקלעך הייס (עס איז געווען אַ פייערדיקער זומער-טאָג) און ער האָט גענומען, כ׳בעט איבער אַלעמענס כבוד, שוויצן אונטערן קאָלנער — האָט ער גענומען.

און דער קעניגלעכער שווייס איז גערונען פון דער פלייצע, גלייך איבער דעם רוקן-ביין און שרעקלעך געקיצלט דעם קעניג — אַזוי, אַז ער האָט געהאַט ס׳געפיל, אַז ער מוז אויף זיך אַ שיב טון דאָס מעשענע העמד און זיך אַ קראַץ טון, אַז נישט וועט ער עס נישט אויסהאַלטן.

איז דאָס אָבער אַ קעניג. און פריי צו קראַצן זיך, ווי באַקאַנט, איז בלויז דעם פּראָלעטאַריאַט און אַנדערע דעמאָקראַטישע מענטשן. האָט דער קעניג שרעקלעך געליטן און געשוויגן.

אָבער דאָס קעניגלעכע בייסעניש און פלייצע-קיצלעניש איז אַלץ געשטיגן און געשטיגן. און וואָס העכער און ווילדער עס זענען געוואָרן די געשרייען פון דער מאַסע יובילאַנטן, אַלץ מער האָט דער קעניג געהאַט חשק אַריינצושטעקן די האַנט אונטערן קעניגלעכן קאָלנער א.ן זיך אַ קראַץ טון מיט אַלע כחות.

אַז דאָס קיצלעניש איז געוואָרן נישט-מער-אויסצוהאַלטן, האָט דער קעניג צוגערופן זיין צערעמאָניען-מייסטער און׳ אים געזאָגט אויפן אויער:

— מעכל, (ער האָט געהייסן מעכל — האָט ער געהייסן!) מעכל, גיב מיר אַ קראַץ אין פלייצע, אַז נישט גיי איך אויס ווי אַ ליכט...

האָט אים מעכל, דער צערעמאָניען-מייסטער אָנגעקוקט און געענטפערט:

— אדוני קעניג — מ׳טאָר נישט... ס׳איז קעגן דער הויף-עטיקעט...

— אַ קליין קראַצעלע! — האָט זיך געבעטן דער קעניג — כאָטש מיט איין פינגער. ס׳עט קיינער נישט באַמערקן.

— מ'טאָר נישט — האָט געענטפערט דער הויף-מייסטער — נאָר איך וועל אייך זאָגן, ווערטער הער קעניג, וואָס איר קאָנט טון —

— היינו ?

— צעטרייבט אייער לייב-וואַך, וועט זיך אונטעררוקן אַ רעוואָלוציאָנער און אייך אַ קראַץ טון מיטן שווערד פון הינטן. וועט איר זיין געראַטעוועט.

דער קעניג האָט אַזוי געטון און באַלד איז אָנגעקומען אַ מענטש מיט אַ צעפלאַמט פּנים און אַן ענטבלויזטער שווערד און זיך געלאָזן צום קעניג — אים צו דערשטעכן...

— פון הינטן, פון הינטן, ליבער רעוואָלוציאָנער ! — האָט אים אָנגעוויזן דער קעניג אויף דעם אָרט ווו ס'האָט אים געביסן — שטעכט מיך פון הינטן, פּליעז, וועל איך מיך מחיה זיין...

אַז דער רעוואָלוציאָנער האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגערופן : „קיינמאָל וועל איך, אָ, טון אַ זאַך, פון וועלכער אַ קעניג זאָל זיך, אָ, מחיה זיין" — און ער איז אַנטלאָפן.

* * *

מ אָ ר אַ ל : אַ קעניג איז אויך נישט מער ווי אַ מענטש און אַמאָל נאָך ווייניקער.

# דער מלחמה קרבן

צמאָל איז געווען אַ גוט, ליב מענטש-אַלע מיט אַ גוט האַרצ-אַלע און מיט אַ טייער נשמה-אַלע — מיטן טראַפּ אויפן „לע״.

דאָסדאָזיקע מענטש-אַלע האָט געוויינט מיט ביטערע טרער-אַלעך אויף די שלאַכטפעלדעלעך.

פון צייט צו צייט פלעגט דאָסדאָזיקע ליבע מענטש-אַלע זיך אוועקזעצן לעבן שפּיג-אַלע און זיך אַליין באַווייזן ווי טרויעריגלעך און געריירט ער איז פון די יידישע צרות-לעך.

און יעדן פרימאָרגן, אַזוי גיך ווי די שטראַלן פון דער זונ-אַלע האָבן זיך צעוואָרפן איבער דעם קליין-מענטש-אַלעס הימעלע, האָט ער זיך אויסגעקנאַקט די פינגער פון זיין ווייס, צאַרט הענט-אַלע, אויסגעטרונקען אַ קאָניאַקל און אַרויסגעזיפצלט:

— אַך, די ליידנדע ברידער-לעך! ווײ די געשענדעטע שוועסטער-לעך! — און ער פלעגט נעמען נאָך אַ קאָניאַקל, כּדי אַראָפּצושווענקען די צרות-לעך.

מיטאָגצייט פלעגט דאָס קליין מענטש-אַלע אוועקגיין אין קאפע, זיך באַשטעלן אַ טעלער שאַלאַטעלעך פאַר פאָרשפּייזעלע — אויסטרינקען דאָס גוטע ביסעלע קימל בראָנפנדל און באַמערקן צו אַ שכנדל:

— אַך, די ליידנדע ברידערלעך אין יעוראָפּא — לחיים!

— לחיים טובים ולשלום! — פלעגט ענטפערן דאָס שכנדל און אים אָנקוקן אַביסל סקאָסנע.

אַזוי איז עס געגאַנגען אַ שטיק צייט-אַלע. דאָס קליין

מענטשעלע האָט זיך געשמאַק און באַטעמט געערגערט וועגן די צרהלעך פֿון די יידעלעך אין יעוואָראַפּיטשקע און — געוואָרן פֿעטער, אויפֿגעשוואָלענער פֿון טאָג צו טאָג און — האָט גענומען פֿרייכן.

ענדלעך האָט אים דער דאָקטאָר דערקלערט, אַז ער ליידט פֿון האַרץ פֿאַרפֿעטונג און אַז ער איז זייער באַזאָרגט וועגן דעם קליין-מענטשעלעס לאַגע.

אַז דאָס קליין מענטשעלע האָט דאָס דערהערט, האָט ער געשיקט רופֿן אַלע זיינע פֿריינטלעך און באַקאַנטע און פֿרייכנדיק פֿון צופֿיל מלחמה-פֿעטקייט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אויף זיין האַרץ, האָט דאָס מענטשעלע געגלאָצט מיט די פֿאַרשוואָלענע אויגן צו דער סטעליע און אַרויסגעזאָגט :

— ברידערלעך ! דאָס לאַגעלע פֿון אונזערע שוועסטערלעך און ברידערלעך אין יעוואָראַפּיטשקע טרייבט מיך אין קבֿר אַריין פֿאַר דער צייט — אַווו איז דאָס ביסעלע קימל-שנאַפּס ?

מען האָט דעם מענטשעלע דערלאַנגט ס׳ביסעלע קימל-שנאַפּס, און מיט דעם גלעזל אויף די ליפּן איז ער געפֿאַלן אַ קרבנדל פֿון דער מלחמה און פֿון — האַרץ-פֿאַרפֿעטונג.

* * *

מאָראַל: קליינע מענטשעלעך, געניסט אייערע ביטערעליידן מיט אַ מאָס און אַן רעם גוטן ביסל קימל-שנאַפּס.

# די אומשטענדן

אַמאָל איז געווען אַ בחור. אַמאָל איז געווען אַ מיידל.
האָבן זיי זיך ליב געהאַט מיטן גאַנצן פייער פון זייערע נשמות.
מיטן גאַנצן לעבן.
ווי אין שיר השירים שטייט געשריבן.
פלעגט דער בחור באַזוכן ס׳מיידל, איר ברענגען צוקערקעס. מיט איר אין דער פינסטערניש פון איר מאַמעס פראָנטרום רעדן וועגן דער ווייטער קאַלטער צוקונפט און, בשעת מעשה, הנאה האָבן פון איר וואַרימער און זייער נאָנטער געגנוואַרט.
האָבן זיי על פּי שׂכל געדאַרפט חתונה האָבן ?
יאָ, זיי האָבן על פּי שׂכל געדאַרפט חתונה האָבן.
פאַרוואָס-זשע האָבן זיי נישט חתונה געהאַט ?
דערפאַר, ווייל די פאַרפלוכטע אַכט-דאָלאַר-אַ-וואָכעדיקע אומשטענדן האָבן נישט דערלויבט.
פאַרדאַמטע אומשטענדן !
נאָר איינמאָל האָט זיך דער בחור פאַרלוירן און געפונען... זיין גליק ביי זיין אַלמעכטיקער געליבטער. אַהאַ ! און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מ׳זאָל גיין קעגן אַלע אומשטענדן, וועלכע דערלויבן נישט.
— ווערטע אומשטענדן — האָט דער בחור, אין געדאַנק, געזאָגט צו די אומשטענדן — אירט מיר מוזן דערלויבן חתונה צו האָבן מיט מיין איינאונאיינציקסטער מרים.

— גוט! — האָבן געענטפערט די אומשטענדן — מיר דער־לויבן דיר.

האָט ער חתונה געהאַט. שטאַרק מעכטיק גיגאַנטיש חתונה געהאַט.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט דערזעלבער בחור זיך ווידער געווענדט מיט אַ בקשה צו די אומשטענדן:

— ליבע אומשטענדן! — האָט ער זיי אַדרעסירט — זייט אַזוי פריינטלעך און דערלויבט מיר צו אַנטלויפן פון מיין ווייב.

— גוט! — האָבן געענטפערט די אומשטענדן — מיר דער־לויבן דיר.

און ער איז אַנטלאָפן און זיך פאַרפלאָנטערט מיט אַ צווייטער פרוי.

— ליבע אומשטענדן! — האָט ער זיך געווענדט צו די אומשטענדן, אין אַ שטיקל צייט אַרום, — דערלויבט מיר זיך צו גטן מיט מיין ערשט ווייב.

— אַלצדינג יאָ, נאָר דאָס נישט. — האָבן קורץ געענטפערט די ליבעסווירדיקע אומשטענדן.

— אָבער כ׳האָב זי דאָך פיינט, מיין ערשט ווייב! — האָט ער זיך געבעטן.

— כדי געזעצלעך פיינט צו האָבן אַן אייגן ווייב מוז מען באַצאָלן דעם אַדוואָקאַט, לכל הפחות, זעקס טויזנט דאָלאַר.

— אויב אַזוי, ליבע אומשטענדן, — האָט ער געטענהט — וועט איר מיר מוזן דערלויבן צו לעבן מיט מיין צווייטער ווייב אָן חופה וקדושין — וועט דאָס מיר טאַקע זיין אָנגענעמער אויך.

— ווי דו ווילסט! — האָבן געענטפערט די אומשטענדן — ס׳איז נישט אונזער דאגה!

* * *

מ אָ ר א ל: די אומשטענדן זענען נאָך אַלעמען נישט אַזוי שלעכט ווי מע מיינט. אַדרבא.

# ל י י וו נ ט

ער האָט געטראָגן אַ ברייטן קאַפּעליוש און האָט זיך גערעכנט פאַר אַ מאָלער.

האָט געהאַט זייער שיינע געשיכטן צו דערציילן וועגן מ אָ ד ע ל ק ע ס און וועגן פּאַריז. האָט מען אים גערן אויסגעהערט און געגעבן אַ פּאַפּיראָס. די מאַנסביל אַזוי.

די פרויען אָבער האָבן זיך דערביי נישט אָפּגעשטעלט. האָבן אים אמת ליב געהאַט, נישט אלע, נאַטירלעך, אָבער אַ היבשע צאָל פון זיי.

און זיי האָבן אים געמאַכט קאָמפּלימענטן פאַר די קליינע שאַרזשען, וועלכע ער פלעגט צייכנען אויף די שפּייז-צעטלעך פון די ביליקע רעסטאָראַנען. נישט אַלע, נאַטירלעך, אָבער אַ היבשע צאָל פון זיי.

און ענדלעך האָבן זיי אים געהייראַט — די דאַמען. נישט אַלע, נאַטירלעך, נאָר אַ היבשע בחורטע, און נישט קיין קלוגע.

איז זי געגאַנגען אויסאַרבעטן ביי דאַמען-היט, און ער האָט געשוואַנגערט — מיט אַ גרויסער אידייע.

זייער שיין פון אים!

זענען אַוועק זיבן חדשים, אַכט חדשים, ניין חדשים, און אונזער מאָלער האָט אַלץ געשוואַנגערט מיט זיין קונסטווערק און נישט פאַרדינט אַ צעבראָכענע קאָפּיקע.

האָט זיין פרוי גענומען טענהן:

— סטייטש, וואָס וועט זיין דער סוף?

האָט ער געענטפערט: ער דאַרף האָבן אויף קאַנווע — לייוונט, הייסט דאָס. ער האָט פאַרטראַכט אַ גרויסע לאַנדשאַפט פון אַנדערטהאַלבן מייל...

— וויפל דאַרף דאָס קאָסטן ?

— דריי דאָלאַר מיט פערציק סענט !

האָט זי אים געגעבן דריי דאָלאַר און פערציק סענט. איז ער אוועק אין אַ רומענישן וויין-שענק און עס פאַרשכּורט.

האָט זיין פרוי געגומען טענהן צו אים : סטייטש ? און נו ? און וואָסערציך ?

האָט ער געענטפערט : ער דאַרף האָבן קאַנווע — לייוונט, הייסט דאָס, מחמת ער האָט פאַרטראַכט אַ גרעסערע לאַנדשאַפט פון ניין מיט אַ פערטל מייל.

— וויפל דאַרף דאָס קאָסטן ?

— זעקס דאָלאַר מיט פינף און דרייסיק סענט !

האָט זי אים געגעבן די זעקס דאָלאַר מיט 35 סענט און ער איז אוועק אין אַ גרויסע קאַפע און עס פאַרטאַכלעוועט.

האָט זי אים גענומען דערגיין די יאָרן : סטייטש, וואָס וועט זיין דער סוף ? און וואָס טראַכט ער זיך ?

האָט ער געענטפערט : ער דאַרף האָבן קאַנווע — לייוונט הייסט דאָס, מחמת ער האָט פאַרטראַכט די גרעסטע לאַנדשאַפט וואָס סע קאָן נאָר געבן — היינו : אַ וואַלד פון איבער צוויי הונדערט מייל.

— וויפל דאַרף דאָס קאָסטן ?

— פינף און אַכציק דאָלאַר !

— אָלרייט, נאַדיר פינף-און-אַכציק דאָלאַר און מאַך אָן... אַ פוראָר !

האָט ער גענומען די 85 דאָלאַר, געקויפט בילעטן פאַר זיך און פאַר מיסס ראַבינאָוויטש (פון וועלכע מיר וועלן רעדן בײַ אַ צווייטער, דריטער אָדער פערטער געלעגנהייט !) און איז אוועק קיין קענעדע.

* * *

— — — — — — — — — — — — — —

מאָראַל: ס'איז נישט קיין קונץ צו זיין אַ קינצלער, אַ קונץ איז צו זיין אַ... געטרייער, פאַמיליען-פאָטער, אָט-וואָס !

## דער שטאָלצער קינסטלער

ער צענעמט זיך די באָרד און דערציילט:

...אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט: מוט. אוודאי דאַרף מען האָבן מוט. אַ מענטש — דאַרף זיין אַ מענטש, נישט קיין צעקראָכענע לעמישקע. אַ מענטש, ווי זאָגט איר, דאַרף אין זיך האָבן שטאָלץ. דאַרף זיך נישט לאָזן באַליידיקן פון קיינעם, און אַז מען באַליידיקט אים, דאַרף ער וויסן וואָס ער האָט צו טון.

ער דאַרף נישט שווייגן. ווי זאָגט עפּעס ס'חומשל? אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן.

אַי, וואָס דער גוי זאָגט אַנדערש? אַי, וואָס ס'גויעשע חומשל, להבדיל, זאָגט, אַז אויב מען גיט דיר אַ פּאַטש אויף איין באַק, זאָלסטו אונטערשטעלן די צווייטע — איז נאָר גע-זאָגט. אַנו, פּרוּווט, לאָמיך זען — איר זענט דאָך עפּעס אַ ווילער יונג! אַנו פּרוּווט און גיט נאָר אַ געזונטן עשו אַ פּאַטש אין באַק, וועט איר זען, וואָס ס'עט זיין!

אַי, וואָס זיין חומשל הייסט נישט? איז דער תירוץ: חומשל איז חומשל און גוי — איז גוי... און נישט נאָר אַ גוי, אַפילו אַ ייד, אַז מען דערצערנט אים, שווייגט ער נישט... ער האָט פיינט צו שווייגן. בפרט, אַז מען לייגט אויף אים אַרויף די האַנט! און בפּרט, אַז עס איז נישט קיין פּראָסטער מענטש. נאָר, ווי רופט איר אים אָן, אַ קינסטלער, אַ שרייבער וואָס שרייבט אין די בלעטער, אַ גאַנצער פאַרנעם אין שטעטל,

אַ מענטש, וואָס קינד-און-קייט קענען זיין נאָמען, קיין קליי-ניקייט נישט!

...דערציי̆ל איך עס אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט: מ׳ציטערט! אַוודאי ציטערט מען. אַ שוואַכער מענטש ציטערט. וואָס דען זאָל ער טון? נעמען צוריקשלאָגן? דאַרף מען דאָך האָבן כּח!... און אַז מען האָט שוין כּח, טראַכט מען אַלץ איבער: ווער ווייסט? מ׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, און אַ מענטש האָט אַ טבע, אַז ער פאַלט אַריין אין דער רציחה, און אַז מ׳פאַלט אַריין אין דער רציחה, ווייסט מען נישט וואָס מ׳טוט, איז מען קאַפּאַבעל איך-ווייס-אַליין-נישט-וואָס. קאָן מען אַמאָל יענעם אויסזעצן אַן אויג, צי כ׳ווייס וואָס. און דעמאָלט פעלן שוין נישט קיין צרות. ס׳הויבט זיך אָן אַ מעשה מיט פּראָצעסן, מיט עדות, מיט אַדוואָקאַטלעך — ס׳איז, ווי רופט איר עס אָן, אַ פריילעך חתונקעלע.

נאָר איינמאָל האָב איך, פונדעסטוועגן, געזען וואָס עס הייסט נישט קיין מורא האָבן, וואָס סע הייסט, אַז אַ מענטש איז ביי זיך אָפּגעלעקילט און אָפּגעטעקילט, און אַז מ׳רירט אים, חלילה, אָן דעם האָנאָר איז ערגער ווי כ׳ווייס-אַליין-נישט-וואָס.

...האָב איך אייך שוין געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ מענטש נישט קיין פּראָסטאַק — נישט קיין ייד פון אונזערע יידן, נאָר אַ שם-דבר, אַ פאַרנעם, אַ שרייבער אין אַ צייטונג, און דער פיינער שמועסער און דער ווי̆לער לערנער און אַ היינט-וועלטיקער, און אויסגעפּוצט ווי אַ ליאַלקע און אַ טאַטנס אַ קינד, פאַרשטייט איר מיך. דאַרף איך שוין זיין קלאָר וואָס ס׳הייסט, אַז מ׳גיט אַזאַ מענטשן אַ פּאַטש און — בפני כּל עם-ועדה.

...געווען איז דאָס ביי דער אסיפה וועגן קהלשע ענינים. איז דאָך אייך באַקאַנט: קהל. און אַז קהל צעקהלט זיך, איז, ווי זאָגט איר, חושך! מען רעדט, מען שרייט, מע מאַכט מיט די הענט, מע געוואַלדעוועט. און ווי מען געוואַלדעוועט אַזוי און מ׳טומלט, עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַריין וועלוויל-דער-שרייבער, וואָס שרייבט אויף די בלעטער, אין לשון-קודש.

דערזען וועלוועלען איז קהל געוואָרן שטיל און געוואָלט הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן. „פּאַני וועלוויל", האָט מען געזאָגט, „זאָגט עפּעס". „נו, גוט!" האָט געזאָגט וועלוויל בקיצור — ער האָט פּיינט געהאַט אַ סך רייד! — איך זאָג, אַז אונזער גבאי יאָשע פּאַכאָלניק איז אַ דאָס, ווי רופט מען עס?... (ער האָט גענומען קנאַקן מיט די פינגער. ער איז געווען אַ קאַ-פּיטשקע זאַאיקע) אַ פּאַסקודניאַק.

אַז יאָשע פּאַכאָליק האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן רויט ווי אַ צוויק, איז צוגעלאָפן צו וועלוועלען און אים אַראָפּ-געלאָזן אַ פּאַטש, — אַז ס'האָט אַזש פּאַרקלונגען די שול.

פון יענע פּעטש!...

אַז קהל האָט דאָס דערזען, איז אים — קהלן — אַרויס די נשמה. אַזאַ איידעלן יונגנמאַן, — נעמט מען און מ'גיט אים אַ פּאַטש. ס'איז גאָר, ווי זאָגט איר, אַ קלייניקייט!

אַז וועלוויל איז געקומען צו זיך פון פּאַטש, איז ער געוואָרן צוערשט רויט, דערנאָך בלאַ, דערנאָך גרין, דערנאָך געל — סע האָבן זיך אין אים געמינעט אַלערליי קאָלירן! — און ער האָט זיך אָפּגערופן:

- ווו איז דער פּאַכאָליק?

— אָט בין איך! — האָט געזאָגט יאָשע, וועלכער איז געשטאַנען לעבן אים.

— איר האָט מיר געגעבן אַ דאָס, אַ ווי רופט מען עס? (ער האָט גענומען קנאַקן מיט די פינגער!) אַ...אַ פּ-פּאַטש?

— יאָ. און איכל דיר נאָך געבן פּעטש ווי די ברעטער, לאָמיך נאָר הערן אַ פּיפּס...

מאַכט ,וועלוויל: איר האָט מיך, ווי רופט איר עס (אַ קנאַק מיט די פינגער!) באַליידיקט... און יידן — גיט ער אַ געשריי און טוט זיך אַ שטעל ווי אַ טיגער און שפּייט אָן די הענט — יידן! איר זאָלט זיין מיין עדות, אַז איכל אים נישט שווייגן... צנו, לאָז ער פּ-פּרווון און מיר געבן נאָך

אַ, ווי רופט איר עס (אַ קנאַק מיט די פינגער!) אַ פּאַטש, וועט זיך...

— אָט, נאַדיר נאָך אַ פּאַטש, דו שרייבערוציק! — האָט אים יאָשע פּאַכאַליק איבערגעשלאָגן מיט אַ פּאַטש אין דער צווייטער באַק.

אָבער מער האָט ער שוין נישט געקאָנט שווייגן — אונזער וועלוויל. פּאַרט, ווי זאָגט איר, נישט קיין פּראָסטער מענטש. אַ ייד, מיט דער פיינער פּען, און דער זעלטענער שמועסער און — אַ טאַטנס אַ קינד...

איז אַזוי גיך ווי עס האָט אָפּגעקלונגען דער צווייטער פּאַטש, האָט אונזער וועלוויל אויפגעהויבן די הענט, האָט זיך געהייסן דערלאַנגען אַ שטיקל פּאַפּיר און — ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אָנשרייבן אַ שאַרף אַרטיקל קעגן יאָשע פּאַכאַליק, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין געבן פּעטש.

— — — — — — — — — — — — — —

און דער דערציילער פּאַרענדיקט: „אָט אַזוי איז, אַז מען פּאַרטשעפּעט זיך מיט אַ יידן אַ שרייבער און אַ טאַטנס אַ קינד".

* * *

מאָראַל: דער שוואַכסטער פּאַטש איז מעכטיקער, ווי די מעכטיקסטע פּען.

# ציוויליזאציע

ער איז געווען אַ בראַווער און אַ באַשיידענער מענטש. האָט ער חדשים דורכאַנאַנד געקוילעט פרעמדע אומבאַקאַנטע מענטשן. צעריסן זייערע גלידער מיט שראַפּנעלן, זיי דערשטיקט מיט גאַז, דורכגעשטאָכן מיט אַ באַיאָנעט.

האָט ער זיך כאָטש געשעמט דאָס צו טון? ניין ער האָט זיך נישט געשעמט דאָס צו טון? כאָטש ער האָט די מענטשן קיינמאָל פריער נישט באַגעגנט. כאָטש ער איז פאַר זיי נישט געווען פאַרגעשטעלט.

אָבער איינמאָל אין אַ שיינעם בלוט-פעטן טאָג, נאָכדעם ווי דער באַשיידענער קולטור מענטש האָט – אויף זיין חשבון – געהאַט דורכגעשטאָכן עטלעכע טוץ מענטשן מיט זיין באַיאָנעט, האָט ער דערזען אַ מיידל – אַ שיין און ליב קינד, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים און געפלירטעט מיט די אויגן.

ער האָט צוריק געענטפערט מיט אַ שמייכל און בשעת-מעשה דערפילט אַ טיפן ווונש, דעם ליבן מיידל אַ קוש צו טון, עס איז געווען מאַרטאַ – זיין געליבטע. ער האָט זיך אָבער געשעמט דאָס צו טון, ווייל עטלעכע חברים זעלנער זענען געשטאַנען און געקוקט...

* * *

מאָראַל: ליבע איז דאָך נישט הרגענען קיין מענטשן – מיט ליבע דאַרף מען זיך שעמען.

# דאָן זשואַן?

ער איז אַ שיינער, אַ בלוט-און-מילכיקער בחור, שמייכלט מיט ווייסע ציין און קנייטשט זיך אַזוי חנ-עוודיק און קוקט אַזוי שיין דורך האַלב-צוגעמאַכטע אויגן מיט שוואַרצע ברעמען-פאָרהאַנגען. אַן אמתער פרימאַדאָן אויב מען מעג אַזוי זאָגן.

און קומט ער ערגעץ אין דער געזעלשאַפט פון דאַמען, טייטלט מען אויף אים שטילערהייט מיט די פינגער:

אָט דאָס איז דאַוויד, דער באַרימטער הארץ-ברעכער, דער שרעקלעכער דאָן-זשואַן.

און אַז דערדאָזיקער שיינער דאַוויד גייט צו צו אַ דאַמע, און וויל מיט איר אַ נאָענטערע באַקאַנטשאַפט אָנקניפּן, ציטערט דערביי איר האַרץ אַזוי. זי האָט מורא. זי שרעקט זיך פאַר אים. סטייטש אַזאַ שרעקלעכער האַרץ-ברעכער, און האָט צו טון מיט אַזויפיל פרויען.

און זי ציט זיך – מיט אַ תירוץ צוריק. און דער שיינער, שמייכלענדיקער, פאַרטרוימטער דאָן-זשואַן פון דער יידישער גאַס גייט פון איין דאַמע צו דער צווייטער און אומעטום האָט ער דעמזעלבן אָפּשניט – מען האָט פאַר אים מורא. סטייטש, אַזאַ פרויען-פאַרפירער!

און אין די שטילע, פאַרחלומטע און פאַרלבנהטע נעכט זיצט אונזער שיינער דאָן-זשואַן ביי זיך אין צימער און בענקט אַזוי נאָך אַביסעלע ליבע, און דורשט אַזוי נאָך דער באַרירונג פון אַ פרויס ליב!

* * *

מאָראַל: די גאַנצע געשיכטע איז אַן אויסגעטראַכטע, נאָר אַ שיינע – כמעט אַן אמתע!

# אַ רעגעלער ראָמאַן

זיי זענען געווען יונג און האָבן גענומען ראָמאַנען אויף אויסצאָלן — ערגעץ ביי אַ סטענד אין אָרטשאַרד סטריט.

ער האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ בלייכן פּרינץ, וואָס טראָגט בייגל אויף אַ שטעקן. און זי האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ פּרינצעסין, וואָס טרוימט פון דריי טויזנט הויזן אויפצונייען און פון אַ פרייען בילעט אין אַ מופינפּיקטשע.

האָבן זיך די צוויי אײדעלע גייסטער פאַרליבט איינס אין ס׳צווייטע (ס׳צַנדערע), און ער אין איר, און זי אין אים.

א שרעקלעכע ליבע!

און הייס, ווי אַ געשלעג צווישן צוויי ווייבער!

און גליהענד ווי אַ פּרעסאייזן!

האָט זי געזאָגט צו אים:

— לאָמיר אַנטלויפן וווהין די אויגן וועלן אונז טראָגן און — שטעלן אַ חופּה.

האָט ער געזאָגט:

— צו וואָס דאַרף מען דאָס האָבן? אַז די עלטערן שטערן דאָך אונז גאָר נישט.

— סמאַכטנישט! — האָט זי געזאָגט — סע קוקט אויס ראָמאַנביכעלשער צו לויפן פון די עלטערן.

און זיי האָבן באַשטימט צו אַנטלויפן אין מיטן דער נאַכט און חתונה האָבן.

האָבן זיי צונויפגענומען זייערע פּאָר גראָשן, געדונגען אַ וועגעלע און ער איז געקומען נאָך איר — זיי זאָלן אַנטלויפן.

האָט די מאַמע אירע געזאָגט:

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט ביי נאַכט זיך אויסגעקליבן?

האָט דאָס טאָכטערל געזאָגט:

— מאַמע! מיר גייען אַנטלויפן חתונה האָבן און קיין זאַך קאָן אונז נישט אָפּהאַלטן!

און זי האָט גענומען קריכן דורכן פענסטער און דער חתן נאָך איר!

— משוגע אויף טויט! — האָט געזאָגט די מאַמע.

— אַלטע פינצטערלינגען! — האָבן געזאָגט די צוויי ראָמאַנטישע פאַרליבטע, בעת זיי זענען געקראָכן אויף די לייטערס.

— און איצט שנעל צום מסדר קידושין! — האָט געזאָגט די העלדין, אַרונטערקומענדיק אין גאַס, און זיך אָננעמענדיק פאַר די הענט, האָבן זיי גענומען לויפן טשוואַליאָם!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט די מוטער געזאָגט צום יונגן ווייבל:

— נו, האָסטו באַדאַרפט לויפן חתונה האָבן און פאַרשווענדן פיר דאָלאַר אויף אַ מסדר-קידושין, אַז מיר האָבן אַ לאַנדסמאַן, וואָס וואָלט דאָס געווען געמאַכט פאַר צוויי דאָלאַר מיט ניין-און-דרייסיק סענט!

אָבער די טאָכטער האָט געענטפערט:

— מאַמע! דו רעדסט ווי אַ פינצטערלינגיכע! וואָס האָסטו געוואָלט, אַז צוליב אַ דאָלאַר מיט איין-און-זעכציק פעניס, זאָלן מיר חתונה האָבן אָן אַ ראָמאַן?!

* * *

מאָראַל: וואָס פאַרשטייט אַן אַלטמאָדישע מאַמע?

# די נאַיווע

זי איז אויפגעצויגן געוואָרן אין ניו יאָרק — אין דער גרויסער און אייזע־נער שטאָט ניו יאָרק.

ערגעץ אויף דער זיבעטער עווענ:ו איז זי געבוירן גע־וואָרן — אין אַן אָרימער געגנט.

זומער פֿלעגט זי גיין שפּאַצירן ביים באַרטן פֿון ים, ביי די דאָקס און ווינטער פֿלעגט זי גיין צו טאַנצונגען און צו ביליקע טעאַטער־שפּילן.

און זי איז געוואָרן יונג און אומשולדיק — מיט אַ פּאָזי־טיווער גאַראַנטיע.

יאָר איין, יאָר אויס, איז זי געווען אומשולדיק, זומער און ווינטער, שבת און יום־טוב. און אַפֿילו אין אַזאַ געווענלעכן טאָג, ווי דעם 23־טן יאַנואַר, 1918, — איז זי אויך געווען אומשולדיק.

און די צייט איז זיך געגאַנגען איר וועג. זייגערס האָבן געקלונגען, מענטשן זענען געשטאָרבן, ציי־טונגען זענען אונטערגע־גאַנגען ווי שיינע זונען, דירה־געלט איז געהעכערט געוואָרן, קרויט איז געשטיגן אין פּרייז, אַנאַרכיסטן זענען אַרעסטירט געוואָרן, סאָלדאַטן האָבן גענומען קומען צוריק פֿון פֿראַנקרייך אין די טויזנטער, אָבער אונזער העלדין, אָן אַ נאָמען, אָן טאַטע־מאַמע און אָן אַלעמען איז נאָך אַלץ געווען נאַיוו, אומשולדיק און —

ענדלעך איז זי אַוועק קיין פֿילאַדעלפֿיאַ צו אירן אַ פֿעטער. דערזעלבער פֿעטער האָט געהאַט אַ זון, דערזעלבער זון האָט

געהאַט אַ הארץ פול מיט ליבע און ער האָט עס נישט געהאַט ווו אַהינצוטון, — האָט ער זיך מיישב געווען: וואַטאַהעל?

...און איצט ליגט נעבעך אונזער העלדין און וויינט און קלאָגט און רייסט זיך די בלאָנדע האָר פונם קאָפּ און לייגט זיי פּאָרזיכטיק אַוועק אויפן טיש און זי טראַכט — פּיאַניסימאָ:

— אַך, פאַרוואָס האָט מיר קיינער נישט דערציילט פון די געפאַרן, וואָס לויערן אויף אַ מיידל אין דער שטילער פרומער שטאָדט פילאַדעלפיא? פאַרוואָס בין איך געווען אַזוי נאַיוו? פאַרוואָס בין איך געבוירן געוואָרן אין רוישיקן זינדיקן ניו-יאָרק? — — —

* * *

מאָראַל: מוטערס, לאָזט נישט אייערע אומשולדיקע טעכטער אַוועקפאָרן פון דער גרויסער שטאָדט, זיי וועלן פאַר-דאָרבן ווערן!

# דאָס פאַרשטאָכענע אויג

ער איז געווען אַ בחור און האָט נישט געוואָלט חתונה האָבן. אויף זיין ערנוואָרט! ני־נעווער־נימאַלס, —, אַזוי האָט ער געשווירן — וועט ער חתונה האָבן!

אורזאַכע:

ס׳איז אַ לאַסט.

ס׳איז פאַרבונדן מיט צופיל הוצאות.

נישטאָ קיין ערלעכע פרויען.

ער גלויבט אין פּלאַטאָנישער ליבע.

ויהי און עס איז געווען, איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן, בעת דערדאָזיקער בחור איז געגאַנגען אין גאַס און ס׳איז געווען אַ ווינט אין דרויסן. איז אַ בלאָנד גאָלד מיידל פון די גאָלד־בלאָנדענע מיידלעך געגאַנגען מיט אים אויף דעמזעלבן טראָטואַר. ויהי און עס איז ווייטער געווען; אַז דאָסדאָזיקע דורכאויס־גאָלדענע מיידל האָט זיך פאַרפּראָשעט אַן אויג, און זי׳ האָט גענומען וויינען מיט נישט־פרייוויליקע, בלאָע טרערן — וועלכע האָבן נישט פריי־וויליק געקוואָלן פון אירע העכסט־בלאָע אויגן.

— מיסטער! – האָט דאָס כמעט־גאָלדענע מיידל אָפּגעשטעלט אונזער האַרטגעקאָכטן בחור – מיסטער, ס׳איז מיר עפּעס אַריין אין אויג. ווילט איר אַזוי גוט זיין, מיר אַריינקוקן אין די אויגן אַריין?

דער בחור האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און געזען: לינקס – מענטשן; רעכטס – אויך מענטשן; פאָרנט – אַ קליינער בליענדיקער פּאַרק; הינטן – אויך מענטשן; אויבן – אַ

מערקווירדיקער בלוי-בלוי-בלויער הימל און עס טריפט מיט ווארימען זומער גאָלד.

האָט דעם בחורס האַרץ געגומען קלאַפּן, קלאַפּן, קלאַפּן. האָבן זיינע קניען זיך גענומען בויגן, בויגן, בויגן און ער האָט אַ קוק געטון אין דעם מיידלס אויגן, אויגן!

דאַן האָט ער אַרויסגערעדט — מער מיטן האַרץ ווי מיטן מויל:

— קומט אָט אַהין אין יענעם קליינעם פּאַרק, וועט איר זיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק און איך וועל אייך אַריינקוקן אין די אויגן.

— — — — — — — — — — — — — —

איבעראַכטאָג מיטוואָך איז געווען די חופּה.

* * *

מאָראַל: קעגן שוואַרצע געזעצן קאָן מען זיך שיצן, קעגן אַ רעגן פון גאָלדענע רענדלעך קאָן מען זיך פאַרטיידיקן מיט אַ רעגנשירם, אָבער ווי צו דיר, מענטש, ווען דיר קומט אויס צו קעמפן קעגן אַ גינגאָלדענעם לאָקן-רעגן און קעגן די אומגעשריבענע בלויע געזעץ-יגער פון צוויי בלויע, מיידלשע אויגן.

# געדאַנקען־עקאָנאָמיע

אַמאָל איז געווען אַ שרייבער — נישט אַזאַ וואָס שרייבט בלויז איינמאָל אין 28 יאָר און איז אַ גרויסער טאַלאַנט, און אַלע רעדן פון אים, אַז ער איז אַן אומערמידלעכער זשעני, און אַז אָט-אָט, אָקאָרשט מען-זעט נישט, גיט ער זיך אַ זעץ אַוועקעט און גיט זיך אַ שרייב אָנעט אַ זאַך, וואָס וועט אויפטרייסלען דעם גאַנצן ערד-קוגל, מיט די באַנאַכבאַרטע געגנטן. נאָר אַ שרייבער וואָס שרייבט, וואָס דיכטעט, וואָס ע'מירט, וואָס שאַפט, וואָס גיט קאָפּיע און האָט נאָך צייט צו האָבן טאַלאַנט אויך. איינער פון אונזערע שרייבער, — פון די בעסערע, לאָמיר זאָגן: משה נאַדיר — אויב קיינער פון אייך האָט נישט דאַקעגן! און פאַרוואָס זאָלט איר הּאָבּ דאַקעגן? בין איך דען נישט אַ גוטער יונג, מיט אַן איידל, כאָטש מענטשלעך האַרץ, און שטאַם פון גאַליציען?

האָט דערדאָזיקער שרייבער אַמאָל באַדאַרפט אַוועקגעבן קאָפּיע און ער האָט נישט געקאָנט, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין צייט — ער האָט זיך באַדאַרפט אַביסל דורכגיין אויף דער פרישער לופט און באַווייזן אַלעמען, אַז ער האָט אַ ניי פוטערל, וואָס פאַסט אים זייער שיין צו זיין טאַלאַנט. האָט די רעדאַקציע געבורטשעט: נו-אָ, קאָפּיע! תּן לי ע ליטל קאָפּיע!

האָט דערדאָזיקער שרייבער געפרעגט: סעיליסן, קיין רעגעלע קאָפּיע האָבן מיר היינט נישט, נאָר אויב איר ווילט אַ מעשה מיט זעקס פערד, וועלן מיר אייך דערציילן. ווילט איר?

מאַכט די רעדאַקציע צו אים: אָלרייט. זאָל זיין אַ מעשה מיט זעקס פערד, אַבי סע זאָל זיין לייכט, פאַקענד, באַלערנד, אַמוזירנד און העכסט-זשעניאַל.

האָט דער שרייבער גענומען דערציילן:

אַמאָל איז געווען אַ רייכער ציגיינער האָט ער געהאַט זעקס וואונדערבאַרע פערד האָט ער זיי באַצייכנט מיט זעקס נומערן, היינו:

ערשט פערד
צווייט פערד
דריט פערד
פערט פערד
פיפט פערד
זעקסט פערד.

מיט דידאָזיקע מושטירטע פערד, פלעגט דער רייכער ציגיינער רייטן איבער די העכסטע בערג און איבער די טיפסטע טאָלן און אומעטום ווו ער האָט געטראָפן אַ מענטשן האָט ער אים אָפּגעשטעלט און ביי אים צוגענומען גאָר דאָס גוטס.

האָט דערדאָזיקער ציגיינער געהאַט אַ טאָכטער — שיין ווי די וועלט. און קלוג ווי דער טאָג. האָט זיך צו איר געשדכנט אַ רייכער קניאז, וועלכער האָט אויך זייער האָלד געהאַט פערד.

האָט דער ציגיינער צו אים געזאָגט: ליבער קניאז, אויב איר ווילט מיין טאָכטער, קאָנט איר מיט איר חתונה האָבן, נאָר — מיט אַ באַדינג.

וואָס איז דער באַדינג?

ער זאָל אויסשטעלן די זעקס פערד אַזוי, אַז זיי זאָלן שטיין אַ צען מינוטן אין דער פאָלגענדער אָרדנונג:

ערשט פערד
פערט פערד
צווייט פערד
פיפט פערד
זעקסט פערד

דריט פערד.

האָט דער קניאז געלאַכט און געמאַכט כאַ-כאַ, דאָס איז נישט קיין קונץ און ער האָט אויסגעשטעלט די פערד, אַט אַזוי ווי דער ציגיינער האָט אים געהייסן — היינו:

ערשט פערד
פערט פערד
צווייט פערד
פיפט פערד
זעקסט פערד
דריט פערד.

אָבער ווי איבעראַשט איז געוואָרן דער קניאז, אַז ער האָט דערזען, אַז דאָס פערד נומער צוויי איז גלייך אַרויס פון שורה און זיך געשטעלט באַלד נאָך נומער איינס, און נומער דריי האָט זיך געשטעלט גלייך נאָך נומער צוויי און אַזוי ווייטער. אין צייט פון אַ האַלבער מינוט זענען שוין די פערד געשטאַנען צוריק אין דער פאָלגענדער אָרדנונג:

ערשט פערד
צווייט פערד
דריט פערד
פערט פערד
פיפט פערד
זעקסט פערד.

אַז דער קניאז האָט דאָס דערזען, איז ער געוואָרן זייער שטאַרק פאַרשעמט — ער זאָל נישט קאָנען טון אַזאַ קלייניקייט! האָט ער נאָך אַ מאָל געפּרוּווט אויסשטעלן די פערד, אָבער דאָס מאָל האָט ער פאַרגעסן, אַז נאָכן ערשטן פערד מוז קומען ס׳פערטע, ווי מיר האָבן דאָ אויבן געוויזן. געמלעך:

ערשט פערד
פערט פערד
צווייט פערד
פיפט פערד
זעקסט פערד

דריט פערד.

אַנשטאָט דעם, איז ביי אים אויסגעקומען אַזוי:

ערשט פערד

פיפט פערד

פערט פערד

צווייט פערד

דריט פערד

זעקסט פערד.

אַז דער קניאַז האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות, איז ער געוואָרן נאָך מער דערצאָרנט און אַרויסנעמענדיק די שווערט פון שיידל, האָט ער אויסגערופן:

— פאַרפלוכטער ציגיינער! דו האָסט דיינע פערד פאַרכישופט! האָב דיר אַכציק שוואַרצע יאָר צוזאַמען מיט דיין טאַכטער!

און ער איז אַוועק כאַפּן — אַ הלואה ביי אַ יידן.

* * *

מאָראַל: האָבן מיר שוין, הייסט עס, איבערגענוג קאָפּיע.

# דער בלאָנדזענדער שטערן

אַן אינטעליגענטער בחור. רעדט פיין ־יוסיש און לשון־הרע. לעזט סאָלאָגובן און שפּילט זייער גוט אין... ליבע.

מיידלעך קלייבט ער זיך אויס מאָדנע: בלויז נידריק געוואַקסענע, מיט קליינע נעזלעך און מאַסיווע — ווי אָנגעדאַפּטשעט מיט די פיס.

אַן אָריגינעלער מענטש!

און אַ שטיקל טאַלענט צום שרייבן האָט ער א ו י ך! אַז די מיידלעך דערזען אים, טייטלען זיי מיט די פינגער און זאָגן: אָט דאָ גייט מאָטיע, דער זייער אומבאַקאַנטער דיכטער.

נאָר דרוקן — דרוקט ער זיך נישט. ער וויל זיך נישט אַראָפּלאָזן צום עולם — וויל ער נישט. וואָס קאָנען מיר אים טון?

אַז ער צעקריגט זיך מיט אַ ג ע ד ר ו ק ט ן ליטעראַט וואַרפט ער אים גלייך אויף: „ביסט אַ ברייטע מאַסע!" און... ער שפּייט אויס אין דער זשמעניע אַריין, מחמת ער האַלט נישט פון נאָז־טיכלעך — האַלט ער נישט.

אָריגינעל!

פרעגט מען אים: „מאָטיע!?"

ענטפערט ער: „איך בין אַ בלאָנדזענדער שטערן — בין איך. אָט וואָס!" און ער נעמט ביי אייך אַ ציגאַרעטל.

פאַרשטייט זיך.

איינמאָל האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ מיידל נישט פון

זיין „קרייז", נאָר אַ ציווילנע, אַזוי צו זאָגן, נישט קיין איבער־מיידל, נישט קיין פּשיבישעווסקינערין. נאָר אַ געזונטע און פול מיט חנעוודיקסטן חן.

ווי עס טרעפט אַמאָל מיט מיידלעך!

האָט ער זיך אין איר פאַרליבט און זי אויסגענומען אין פּאַר. דאָס איז געווען בײַנאַכט. פינסטער. רוישן פון טראַמוויי. נאַכטיגאַלן. ערגעץ ווייט־ווייט. הימל, לבנה, שטערן — אויפן פּלאַץ. בוימער — בוימערן אונטער. פּראַכטפולענטציקנד.

קוקט ער אויפן הימל, זיפצט אָפּ אויף דעם שטייגער פון בלעטל 486 פון אַ ראָמאַן און ווייזט אָן אויפן הימל:

— זעסט יענעם בלאַנדזשענדן שטערן!

יאָ, זי זעט.

— איך בין אויך אַ בלאַנדזשענדער שטערן!

און בנייבײַ טוליעט ער צו זיין קאָפּ צו איר ברוסט, און זיין שטערן נעמט בלאָנדזשען אַהער־און־אַהין, אַהין־און־אַהער, א. אַז. וו.

נעמט דאָס מיידל און שטרעקט אויס די האַנט און גיט אים אַ פאַרפאָר איבערן ב ל אָ נ ד ז ש ע נ ד ן ש ט ע ר ן, אַז עס ווערט אים פינסטער אין די אויגן, זידלט אים אָפּ און — אַנטלויפט.

* * *

מ אָ ר אַ ל: נישט אַלע מיידלעך געפעלט, אַז אַ שטערן בלאָנדזשעט צופיל אַרום.

# דער, וואָס בויגט זיך

עס קומט צו רייד קעגן דעם, וואָס איר זאָגט: בויגן זיך און אַז דער וואָס בויגט זיך — ברעכט זיך נישט. אוודאי שטעקט דאַרין אַ טיפער אמת. מען דאַרף עס נאָר קענען תּופס זיין. איך וויל אייך — קעגן דעם — דערציילן אַ מעשהלע, אַ מין משל. איר זאָלט מיר מוחל זיין דערפאַר, וואָס איך האָב אַ נאָס געטון. איך האָב היינט אַזאַ פאַרקילונג, נישט פאַר אייך געדאַכט.

הויבט זיך עס אָן אַזוי: אַמאָל איז געווען אַ וואַלד — ווי סע מאַכט זיך אַמאָל, אַ וואַלד. גיט אַ שמעק טאַבאַק, ר׳ שעמשל. טאַזוי! איז אַ וואַלד. ווי דער שטייגער איז פון אַ וואַלד, איז דאָרט פאַראַן אַלערליי בוימער. גרויסע בוימער. גרעסערע בוימער און אויך קליינע בוימער — פיצעלעך, אָט-אַזוי-אָ די גרויס. נישט גרעסער. נוס-ביימלעך — צי וואָס. ווער קען זיך דאָרטן אויס אין זיי!

הקיצור, גיט נאָך אַ שמעק טאַבאַק, ר׳ שעמשל. טאַזוי. איז, ווו האַלטן מיר? אין וואַלד. נישט קיין קלייניקייט. ווי דער סמבטיון. סע רוט נישט. סע בלאָזט. סע שטורעמט. סע לייגט איין וועלטן. און—שטייען שטייט עס נאָך אויף אַ ווינטיק אָרט— אויף אַ ריכטיק ערטל, גיט נאָך אַ שמעק טאַבאַק, ר׳ שעמשל, ס׳איז ביי מיר פאַרלייגט די נאָז, איז מיר שווער צו רעדן.

...איז — דער וואַלד. פאַרלויפט זיך אַמאָל אַ מעשה, אַז דהיינו וואָס? דהיינו סע טוט אַ ברעך אויס אַזוי אַ שטורעם

און — פֿון די גרויסע, נישט פֿון די אָפּגעגנאַרטע שטורעמדלעך,
וואָס אָט גיט עס אַ בלאָז און אָט הערט עס אויף! סע שטורעמט,
סע רודערט, סע ברעכט, סע קערט וועלטן — עפּעס ווי די
גאַנצע וועלט וואָלט, נישט דאָ געדאַכט, משוגע געוואָרן, אַזוי
ראָיעט עס און סע זידט ווו-הו, און נאָך אַמאָל „ווו-הו"... מיט
אַ געוויין, און מיט אַ פֿייף, פֿון די אמתע וויכערס.

און אין דערפֿל ביי אונז — (דער וואַלד איז געווען
נישט ווייט פֿון דאָרף) הערט מען סע ברעכט! ער לייגט
אַוועק — אַ בוים נאָך אַ בוים, אַ דעמב נאָך אַ דעמב. זיי
פֿאַלן ווי די שפּענער. און וואָס? סע האָט עפּעס אַ ווערדע
ביי דעם רוצח, ביי דעם ווינט, ביי דעם וואַלד-גזלן? ער האָט
עפּעס רחמנות? און די גוים גייען אַרום אין די פּעלצן צע-
שראָקן און מורמלען: סע קערט זיך איבער די וועלט.
הלוואי, די וועלט זאָל נישט אונטערגיין. גיט נאָך
אַ שמעק טאַבאַק, ר' שעמשל, זייער ווילער טאַבאַק ביי אייך.
טאַזוי!

איז אַז דער שטורעם האָט זיך געלייגט, און דער וואַלד
האָט זיך אַ ביסל באַרויקט, בין איך מיט נאָך עטלעכע
יידן אַוועק אין וואַלד, אַ קוק טון וואָס סע הערט זיך, און
וואָס טויג עס אייך ר' שעמשל? — איך האָב נאָך אַזאַ חורבן
נישט געזען! דער גאַנצער וואַלד איז געלעגן אויף דר'ערד.
אויסגעבראָכן, אויסגעשלאָגן. צודרייט די צווייגן און דעמבעס —
פֿון די גרעסטע. יעדער דעמב איז געווען אַזוי גרויס — ווי
זאָל איך אייך זאָגן? — אָן אַ גוזמא, העכער פֿון שול-דאַך,
להבדיל. אמתע עצי-יער — וואַלד בוימער, וואָס זייערע אבות-
אבותינו זענען דאָ געבוירן געוואָרן און, ווי מ'זאָגט, דאָ פֿאַר-
לוירן געוואָרן.

איז קעגן דעם וואָס איר זאָגט, אַז דאָס וואָס בויגט
זיך, ברעכט זיך נישט — האָב איך עס טאַקע אַליין
געזען מיט מיינע אייגענע אויגן. בעיני ראיתי. אָט מיט די
צוויי אויגן, גיט נאָך אַ שמעק טאַבאַק, ר' שעמשל. די גרע-
סטע און שטאַרקסטע בוימער זענען אויסגעלייגט געוואָרן ווי די

שאָף, נאָר איינס: אַ קלײן ביימעלע, אַ מיזערנע, אַ גאָרנישט, שפּעטנע זאַך, — אַ נוס־ביימל, דאַכט זיך, מיט עטלעכע דינע ריטלעך, אָט דאָס איינע ביימעלע איז זיך געשטאַנען אָן אַ זייט און איז — אויך צעבראָכן געוואָרן פון ווינט.

* * *

מ אָ ר אַ ל: דאָס ביימעלע פאַלט נישט ווייט פונם שטורעמדל.

# דער פֿאַרליבטער און דאָס בעזימל

ער איז געווען אַ בחור אין די יאָרן, אַ היציקער, אַ קאָכיקער, און פֿול מיט לעבן, ווי אַן אַלטער מאַטראַץ, וואָס מען דאַרף אים פֿאַרברענען. —

אַזוי פֿול מיט לעבן איז ער געווען.

וואָס זשע האָט ער געטון? — האָט ער זיך פֿאַרליבט.

אין וועמען? — אין אַ דאָקטאָרס אַ טאָכטער.

פֿאַרוואָס אין אַ דאָקטאָרס אַ טאָכטער? ענטפֿער: מחמת די מעשה פֿאָדערט עס. אַז נישט וועט נישט אַרויסקומען דער וויץ און מיר וועלן אויפֿהערן אָנצומאַכן דעם געוויינלעכן רושם מיט אונזער טאַלאַנט.

הקיצור: ער איז פֿאַרליבט אין אַ דאָקטערס אַ טאָכטער — זייער אַ שיינע, זייער אַ ווויילע, זייער אַ יונגע, זייער אַ בוזעמדיקע, זייער... פֿאַרשידענע זאַכן.

איינמאָל ביינאַכט, ווען עס האָט געטון שיינען די שיי־נענדיקע לבנה, און די פֿאַרקס פֿון העסטער־טשערי סטריטס, האָבן געגומען שמעקן מיט... שלאָפֿנדיקע יידן וגם דאַמען, האָבן זיך ביי אונזער בחור אָנגעצונדן די געפֿילן און ער האָט געפֿילט, אַז זיין האַרץ איז פֿול־פֿול־פֿול מיט ליבע און אַז די געפֿילן זענען ביי אים אַזעלכע הייסע, אַזעלכע ברע־נענדיקע, אַזעלכע צאַפּלדיקע, אַז ס'איז אַ שרעק אין דער וועלט.

נעמט דערדאָזיקער יונגערמאַן — לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן, אַז ער איז אַ הויכער בחור מיט אַן איבערגעשראָקן פּנים און

פינטלדיקע אויגן — נעמט ער און גייט אוועק צו זיין, אָ, געליבטע, און ער וויל איר, אָ, ערקלערן ווי אזוי זיין הארץ פלאקערט, אָ, שרעקלעך צו איר, אָ, און אָ!

גייט ער אריין אין דאָקטאָרס אָפיס — טרעפט ער דאָרטן קיינעם נישט, נאָר דעם דאָקטאָר אליין, אורזאכע? פארוואָס דעם דאָקטאָר אליין - צוווּ זענען די פאציענטן? — האָבן מיר נאָך נישט צוגעטראכט.

אפשר שפעטער מיט עטלעכע טעג.

דערווייל ווייסן מיר נאָר אזויפיל, אז דער בחור מיט די פינטלדיקע אויגן שטייט אין אָפיס, און אנטקעגן אים שטייט דער אלטער, טרוקענער אומראָמאנטישער דאָקטאָר.

מאכט צו אים דער יונגערמאן:

— העם... כ׳האָב געוואָלט הייסט דאָס... כ׳בין אריינ־עמעגעקומען, ווייל איך האָב עמע געוואָלט אויס־עמע־געפינען צי דאָס־עמע...

און ער טאפט זיך ארום ארום קראגן און הוסט, ווי עפעס וואָלט אים געדושעט.

קוקט אים דער דאָקטאָר אָן און זאָגט:

— אָ! איך ווייס שוין וואָס דאָס איז! ס׳איז ביי אייך א פארקילונג אין האלז — צוויי דאָלאר, פליעז!

גיט אים דער יונגערמאן — פאר שרעק — צוויי דאָלאר, נעמט אים דער דאָקטאָר אריין אינווייניק אין קאבינעט, רייבט אים אויס דעם האלז מיט א בעזימל און שיקט אים אהיים.

* * *

מאָראל: באווייזט פאר א דאָקטאָר, אז איר האָט צוויי דאָלאר און... איר זענט נישט זיכער מיטן לעבן.

# אַ באַנקעט

אַמאָל איז געווען אַ שרייבער, אַ דיכטער, אַ קינסטלער. האָט ער געדיכטעט און געשריבן און געקינסט ביז זשעניאַליטעט, אַזוי לאַנג ביז וואַנעט ער איז געוואָרן גרוי און אַלט, און דער מיסטישער האַר פון יענער וועלט אין דער שוואַרצער פּאָלערינע, האָט גענומען ווינקען צו אים און אים רופן שטילערהייט.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער האָט בלויז אַ האַרץ-נירן-לעבער-לונגען און פיס קראַנקייט, און זיינע חברים די קינסטלער האָבן געזאָגט: אויב אַזוי, טאָ לאָמיר זיך אַ נעם טון אַלע צוזאַמען און מיט פאַרייניקטע קרעפטן אים מאַכן אַ באַנקעט. האָט מען כמעט ווי גענומען אַ זאַל. אים אויסגעפּוצט מיט פּראַכטפולע קאָלעגן און קאָלעגינען וגם זייטיקע מענטשן, און דער באַנקעט האָט זיך אָנגעהויבן.

דער דיכטער — לכבוד וועמעס קאָמפּליצירטע קראַנקייטן און מעכטיקן טאַלאַנט מ׳האָט אַראַנזשירט דעם גרויסן באַנקעט. איז געזעסן אויבן-אָן, אַביסל פאַרשעמט פון דעם גרויסן כבוד וואָס מען טיילט אים צו און געמאַכט — אין געדאַנק – אַ גרויס ליד אין פּייקע.

קאָלעגע אבימלך האָט זיך (נאַטירלעך) אויפגעשטעלט, געטון אַ זופּ פונם זויערן ווייַן און גענומען זידלען דעם בעל-הבאַנקעט אַזוי שטאַרק ווי מעגלעך.

נאָך אים האָט גערעדט אַ צווייטער און אַ דריטער און אַ פערטער קאָלעגע, און ס׳האָט אויסגעזען, אַז די ליבע חברים האָבן זיך

פֿאַרוועט, ווער עס וועט ווערן אריבערשטייגן אין זידלעריי און אין ביטערע שטעכיקע ווערטער אויף דעם אַדרעס פֿון דעם דיכטער, צו ערע פֿון וועמעס קאָמפּליצירטע קראַנקייטן און מעכטיקן טאַלאַנט מ׳האָט אַראַנזשירט דעם באַנקעט.

אַז דער עולם איז שוין געווען אָנגעטרונקען מיט זויערן ווייַן און די זיסע בליקן פֿון חנעוודיקע מיידלעך, האָט זיך געעפֿנט די טיר און ס׳איז אַריינגעקומען אַ פֿרעמדער ייִד פֿון גאַס, זיך אָנגעגאָסן אַ גלעזל ווייַן און הערנדיק ווי יעדער פֿון די פֿאַרזאַמלטע זידלט דעם מאַן, וואָס זיצט העט-אויבן ביים טיש, האָט ער געגעבן אַ קלאַפּ מיטן פֿויסט ס׳זאָל ווערן שטיל און ער האָט אַריינגעזאָגט די פֿאָלגענדע רעדע:

— פֿריינדע! — האָט ער געזאָגט — איך בין אַ פֿרעמדער מענטש פֿון גאַס. איך קען נישט קיינעם פֿון אייך און ווייס נישט ווער איר זענט, נאָר הערנדיק די געשרייען אין דרויסן, בין איך אַרויפֿגעקומען. און איך וויל זאָגן — נישט קענענדיק קיינעם פֿון אייך — אַז דער מאַן וואָס זיצט העט-אויבן (דאָ האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם בעל-האַבאַנקעט) איז מסתמא אַ שטיק ניקס, אַן אויסוווּרף, אַ פּאַסקודניאַק און קאָן נישט אָנשרייבן קיין צוויי שורות. לחיים!

— לחיים! לחיים! האָבן אַלע חברים געשריען און געטראָגן דעם פֿרעמדן ייִדן אין דער לופֿטן — הידד!

און אַלע זענען געווען העכסט פֿריילעך. אַ חוץ דעם באַרימטן דיכטער מיט די קאָמפּליצירטע קראַנקייטן און מעכטיקן טאַלאַנט.

* * *

מאָראַל: ווי נאַריש און קלוג און אידיאָטיש און טיפֿזיניק די מענטשן זענען.

# געגעסן אין סוכּה

אַמאָל איז געווען אַ מענטש האָט ער געהייסן לעמל־בעריש, איז ער געווען זייער אַ מאָדנער לעמלבעריש — צווישן אַלע לעמלבערישעס דער לעמלבערישסטער, אַזוי צו זאָגן.

און אַן עקשון.

צאַך אַמאָל איינגעשפּאַרט, אַז ער מוז זיך שמדן און ווערן אַ גוי מיט אַ פּעלצל. האָט זיין מאַמע — אונז צו לאַנגע יאָר — זייער געוויינט און געבראָכן די הענט, און געבעטן:

— לעמלבערישל, קעצעלע פייגעלע בערעלע קרוינעלע מיינס, — שמד זיך נישט! טו צוליב אַן אַלטער מאַמען.

און דער פאָטער זיינער האָט צוגעגעבן:

— זיי אַ מענטש, לעמלבעריש, ווּעסטו עסן אין סוכּה.

— דו נאַרסט נישט אָפּ טאַטע? — האָט געפרעגט לעמלבעריש, מיט אַ פינגער אויפן טאַטן, ביסט זיכער אַז איכל עסן אין סוכּה?

— זיכער.

— ווער זאָל אַזוי לעבן, טאַטע?

— איך זאָל אַזוי לעבן, לעמלבעריש!

— גוט! — האָט געזאָגט לעמליבע — וועל איך זיך נישט שמדן אויף אַ גוי מיט אַ פּעלצל און בלייבן אַן עוויגער יודע, ביז אין טויט אַריין.

שפּעטער אַז לעמלבעריש איז אונטערגעוואַקסן און געוואָרן אַ... גנב, האָט דער שניידקעשענע־שותּף צו אים געזאָגט:

— לעמלבעני (ער האָט שוין געהייסן לעמלבעני), לעמל־

בעני, אויב דו וועסט אי"ה ארויסגנבענען ביי ראקענפעלעון ס'ווייסל פון אויג, וועסטו זיין אַ מענטש און עסן אין סוכה.

— דיינע ווערטער גיבן מיר איין מוט — ה"ט געזאָגט לעמלבעני און איז אַוועק גנבענען.

שפּעטער מיט צוואָנציק-דרייסיק-פערציק יאָר איז אין אונזער לעמלבענין אויסגעקומען אַ טאָג פאַר סוכּות צו דערהרגענען צוויי יידן, האָט ער זיך אַ ביסל געקווינקלט, אָבער זיין שותף האָט אים ווידער אונטערגעגעבן מוט מיט דעם צוזאָג, אַז אויב ער וועט דערהרגענען די צוויי געוויסע יידן וועט ער זיין אַ מענטש און וועט עסן אין סוכּה.

אַזוי זענען געגאַנגען די יאָרן.

נישט געשטאַנען אויף קיין אָרט.

די סוכּותן זענען געקומען און — פאַרשוווּנדן געוואָרן — און — ווידערגעקומען.

אונזער לעמלבעריש איז געוואָרן אַלט און אָפּגעשוואַכט, הן פון זיצן אין געפענקעניש און הן פון לעבן 24 שעה אין מעת לעת אָן אויפהער, אָבער אין סוכּה האָט ער נאָך אַלץ נישט געגעסן, מחמת ס'איז אים נישט אויסגעקומען. האָט ער געזאָגט צו זיך זעלבסט: לעמלבעני, דיין שטונדע האָט געשלאָגן. ביסט אַלט און שוואַך און האָסט נאָך גאָרנישט גענאָסן פון דער סוכּה. זיי אַ מענטש האָט ער פאַרענדיקט זיין זעלבסטרעדע מיט די נאַקעטע ציין — זיי אַ מענטש און גיי עסן אין סוכּה.

— — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער מיט אַ וואָך טרעפן מיר שוין אונזער העלד אין גן-עדן (רעכטס) אין אויף אונזער פראַגע: ווי קומט ער אַהער? ענטפערט ער אונז מיט אַ שטאַרקן הוסט: ס'האָט זיך מיר פאַרגלוסט! אַ סוכּה, האָט זיך מיר פאַרגלוסט — האָב איך זיך צוגעקילט און געגאַנגען פון דער וועלט. קכע!

* * *

מאָראַל: מצוות — פונקט ווי עבֿרות — זענען אָפּט זייער שעדלעך פאַרן געזונט.

## אילוסטרירטע ליבע

ער איז געווען—אָדער אַ בחור, אָדער אַ פאַרהייראַטער מאַן.
זי איז געווען אָדער אַ מיידל, אָדער — ס׳געגנטייל.

פראַגע: האָבן זיי זיך מסתמא, ווי דער שטייגער איז, געליבט?

ענטפער: ריכטיק געטראָפן!

צוריקפראַגע: אויב אַזוי, טאָ וואָס איז דאָ דער חידוש? עס איז דאָך גאַנץ נאַטירלעך?!

צוריקענטפער: געדולד, מיינע הערן! געדולד. די געשיכטע הויבט זיך ערשט אָן צו אַנטוויקלען. עס וועט זיין אַ ווונדערבאַרע געשיכטע — — —

הקיצור, פליעז, ווו האַלטן מיר? מיר האָבן זיך פאַרטראַכט און דערווייל פאַרגעסן ווו מ׳ר האַלטן; אַהאַ! מיר האָבן זיך שוין דערמאַנט: מיר זענען געבליבן שטיין דערביי, ווי זיי האָבן זיך ליב געהאַט! אָסור זאָל אונז זיין, אויב מיר האָבן אַפילו אַ קוק געטון אויף דעם, וואָס מיר האָבן פריער אָנגעשריבן: מיר געדענקען עס אויף אויסנווייניק. מיר האָבן אַ ווונדערבאַרן כח הזכרון, האָבן מיר! אָפטמאָל ווייסן מיר אַליין נישט, פון וואַנעט עס נעמט זיך צו אונז אַזאַ אייזערנער זכרון.

הקיצור, צום צווייטן מאָל: זיי האָבן זיך געליבט. הייס געליבט? יאָ. ווו? אין פראָנט רום. וויפל? אַכצן דאָלאַר אַ חודש, מיט עלעקטרי. ביליק? יאָ. נישט זייער טייער.

ווי אַזוי איז צוגעגאַנגען די ליבע? פליעז, דערקלערט

דייטלעך מיט אַן אילוסטראַציע. אַללרייט. מירן דערקלערן דייטלעך מיט אַן אילוסטראַציע.

אין דער ערשטער צייט פון זייער ליבע פלעגן די צוויי יונגע מענטשן זיך טרעפן ביי אירע עלטערן אין הויז און זיצן אויף דער זאָפע פון זייער פראָנט רום, וועלכע איז געווען זייער אַ גראָמע זאָפע. רעדן וועגן די געבראָטענע טויבן — פאָסטן, פון זייער שוין אַביסל־צו־נאָנטער צוקונפט, און דאַן פלעגט אויסקומען, אַז זי פלעגט זיצן דאָ, און ער — — דאָרט.

שפעטער מיט אַ שטיקעלע צייט, פלעגן זיי שוין נישט רעדן פון די געבראָטענע טויבן — פאָסטן פון זייער פאַרהייראַטן לעבן, נאָר פון פאָניטשע, פלעגן טרוימען אויף אַ שלעכטן יידיש, וועגן אַ בעט פון אמתן קאַרשן־האָלץ, און אַ דעמבענעם בופעט און זיצן פלעגן זיי זיצן טאַקע אויף דער זעלבער זאָפע, נאָר זי פלעגט שוין נישט זיצן דאָ, און ער — — — דאָרט, ווי אין דער אילוסטראַציע נומער איינס, אָנשטאָט דעם פלעגט ער זיצן דאָ־און־זי־דאָרט.

אין אַ פאָר חדשים אַרום האָט זייער ליבע געביטן די פאָזיציע. און אָנשטאָט ווי פריער, פער אילוסטראַציע נומער צוויי, וועלכע איז שוין גענוג נאָנט צו דערווייטערן אפילו די יונגסטע און נאָנטסטע צוויי מענטשן, זענען זיי שוין איצט געזעסן אָט־אַזוי אָ — ער־דאָ־און־זי־אויך־דאָ.

דער סוף פון דער געשיכטע איז געווען, אַז פון צופיל ליבע האָבן זיי חתונה געהאַט און איצט זיצן זיי שויןביים טיש אָט אַזוי אָ: ער דאָ — — — — און זי — — — — — — דאָרט.

* * *

מאָראַל: קאָנען מיר, הייסט עס, מאַכן אילוסטראַציעס אויך. ווער וואָלט זיך עס געוועזן געריכט אויף אונז, צוריק מיט דריי יאָר, האַ?

## די שענסטע רויז

אין מיין גאָרטן איז זי געוואַקסן די מעלאַנכאָלישע, זילבער־מאַטע רויז.

פון אַלע רויזן די צאַרטסטע און איידלסטע.

און איר שטאָלצער, זויבער־בלאַסער קערפּער, האָט זיך קאָפּ־הויך איבער די אַנדערע רויזן געשטרעקט

און זיי פאַרשעמט.

און נידעריק געמאַכט.

און אַלע אין דער פרי פלעגן די קליינע רויזן וויינען:

— אונזער שוועסטער פאַרשעמט אונז.

— צוליב איר זעט מען אונז נישט אַרויס.

— באַוווּנדערט מען נישט אונזער פיינעם דופט און אונזער שיינע פאַרב.

האָב איך די טרערן פון די קלענערע רויזן נישט געקאָנט פאַרנעמען.

האָב איך די שענסטע פון אַלע רויזן פון איר מוטער־צווייג אָראָפּגעפּליקט און אויפן פעלד פאַרוואָרפן.

דאָרט דערציילט זי, אין די לבנה־נעכט, אירע חברטעס, די קליינע פעלד־בלומען, די לעגענדע פון שיינקייט —

און פון פאַרדאַרבן.

און די קליינע פעלד־בלומען שאָקלען קלוג מיט די געלע קעפּלעך און זיפצן.

# אַ לעגענדע

האָב אַמאָל גלייענט וועגן דעם אַ ליד ערגעץ אין אַ נאַרישער צייטונג.

איבריגענס זענען אַלע צייטונגען נאַריש.

אַ חוץ די פאַראַיאָריקע.

אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג.

גלייך צום אינהאַלט, נאָר נישט אומגעדולדיק ווערן, מיינע פריינט.

איך האָב מיט אייך אויך געדולד!

איצט: אַמאָל איז געווען אַ פרינצעסן, יונג, שיין, צאַרט און הייליק — ווי געוועג׳עך.

האָבן אַלע איר כּבוד אָפגעגעבן. גערופן זי „מלאך“, „הייליקע“, „בלאָנדע געטין“ און אַזוי ווייטער.

נאָר אַמאָל זענען עטלעכע זקנים פאַרביי־געגאַנגען אַן אָרט — מסתּמא אַ טייך — ווו די פרינצעסן האָט זיך געבאָדן, און זיי האָבן איר נאַקעט לייב דערזען.

און זענען העכסט ערשטוינט געוואָרן!

ווו איז זי דען אַ מלאך? און אויב יאָ — איז זי פיל מלאכדיקער, פיל — ווי זאָלן זיי זאָגן? — פיל געשעצטער, ווי וועלכער עס איז ענגל. פיל אינטערעסאַנטער... פיל... פיל...

און די זקנים האָבן די אויגן נישט געקענט אָפרייסן.

אַזוי דערצייל איך מיר אַ לעגענדע.

# די זעגל־שיף

זעט איר:

די ווייסע זעגל־פליגל האָבן וואַלקנס אויף זייערע ברעגן — גיען זיי לייכט און רויק אין דער בלוי־גרויער ווייטקייט אַריין.

ליבע שיף, וווהין בלאָנדזעסטו אַוועק?

דו וועסט מיך, שיף, נישט אָפּנאַרן: איך ווייס, ביי דיר אין דיין אינגעווייד זענען די גליקלעכע צוויי מענטשן־קינדער פאַראַנען.

ער איז יונג, שטאַרק און פול מיט פייערדיקן בלוט. זי איז צאַרט און בלאַס און געאיידלט און מוז איר לעבן ביי זיינע גליענדיקע אויגן וואַרימען.

אויפן דעק זע איך זיי ביידן: דאָס קראַנקע פּרינצעסן־מיידל און דעם איבער־שטאַרקן בחור, וואָס גיסט דורך זיינע אויגן גאַנצע שטראָמען לעבן אַריבער.

און אַ חוץ דעם ווילדן ים זעט קיינער זייער גליק נישט צו.

סיידן אַמאָל אַ נייגעריקער בלאַסער שטערן־שטראַל, וואָס קלאַמערט אין אַ מידל־טרער זיך איין.

און ס'בליצט דימענט אויף דימענט.

אָבער די אַלטע, ערנסטע לבנה, – זי גיט זיך מיט אַזעלכע קלייניקייטן נישט אָפּ.

ליבע טייערע שיף, שטעל זיך אָפּ. איך וויל מיט דיר מיטבלאָנדזען און מיט יענע צוויי גליקלעכע אונטערגיין.

## צו די שדים

איך לאַד אייך, ליבע שדים, צו קומען צו מיר.
מיינע טירן און פענסטער זענען פאַר אייך שטענדיק צוגעמאַכט,
קומט אַריין דורך די שפּאַרעס.
וועט איר זיך פילן היימישער.
קומט צו מיר, איר שדים, און באַלעבט מיך מיט אַ פּאַרציע פון אייערע שוידערהאַפטע גרוילטאַטן.
אפשר קענט איר אַרויסרופן ביי מיר אַן אינטערעסאַנטן שוידער, אַ פאַרגעניגנדיקן ציטער איבער מיין חוט-השדרה.
איך וועל אייך דערפאַר פאַרקויפן מיין נשמה און צוגעבן מיין שלאָף-יאַרמולקע.
איר מעגט דאָך זען, אַז איך האָב אַ פליך.
פאַר אייך וועל איך זיך ווייזן אין מיין גאַנצער פליכע-וואטער איינפאַכקייט.
און די שדימטעס דאַרפן זיך פאַר מיר אויך נישט שעמען,
זאָלן זיי זיך ווייזן אַזוי נאַטירלעך ווי מעגלעך.
איך וועל דאָס שדימשע אין זיי דערקענען, אַפילו ווען זיי יענע מוטער-נאַקעט.
איך האָב דאָס געלערנט פון דערפאַרונג און באַצאָלט אַ פּרייז.
ליבע שדים, קומט צו מיר און אונטערהאַלט מיך.

# פאַרגעסענהייט

קראַנקע, עלטער-שוואַכע געדאַנקען, פאַרלאָזט מיין האַרץ און לאָזט מיך פריי ווערן.

ווי רעטונגס-שיפלעך אין אַ שטירם-געפערלעכן האַפן האָב איך אייך צענויפגעזאַמלט, אייך מיט קייטן צום ברעג צוגעשמידט און פאַר נויט זיך באַוואָרנט.

איצט זענט איר מיר צופיל געוואָרן, און אַזוי געדיכט אין דער האַפן מיט רעטונגס-שיפלעך באַדעקט, אַז אין נויט-צייט וועל איך זיי פון ברעג רירן נישט קאָנען.

און הער איך אייערע קייטן קלינגען, איר געשמידטע געדאַנקען-זקנים, פיל איך אַ רחמנות צו אייך, אָבער אָפּבינדן קאָן איך אייך נישט. איך קאָן אייך נישט באַפרייען.

און איצט ווייס איך נישט מער: זענט איר געפאַנגען ביי מיר, אָדער איך ביי אייך?..

— — — — — — — — — — — — — —

זשעסט: גרויסער, אַלמעכטיקער גאָט! איך פאָדער פון דיר זאָלסט מיך לאָזן פאַרגעסן, אָדער — שטאַרבן.

# די לבנה

דו, לבנה!

אין אַלטע דאַך־שפּאַלטן קריכסטו, אין פֿענסטער פֿון שאַנד־הייזער און אויך, להבדיל, אין שול־ריינקייטן, אין אַלעס און אין אַלעמען זעטיקסטו דיין בלאַסן נייגיר.

דו פֿאַרפֿאָלגסט דעם מערדער, בעת ער גראָבט זיין מעסער אין אַ מענטשן־האַרץ אַריין, און דערקוטשעסט די פֿאַרליבטע, וואָס טולען זיך איינס צו ס'אַנדערע פֿאַרשעמטערהייט.

דו ביסט אַזוי שרעקלעך צודרינגלעך, אַלטע לבנה!

גליטשסט זיך אויף די קאַלטע געווער־שפּיצן פ׳ן גוססע וועלנער אין לויערסט אין די קאַץ־אויגן פֿון פֿאַלשע, אויסגעלאַסענע פֿרויען.

און ווער קען דיך פֿאַרטרייבן?

אויף אַלטע, פֿאַרשטויבטע טראָן־בענקלעך שפּרייסטו דיינע שפּין־געצן אויס און אין די דאַך־שטיבלעך פֿון אָרימע גנבים ביסטו פֿאַן.

דו וואַכסט און זעסט אַזוי פֿיל!

האָסט דאָס געזיכט פֿון אַ נביא און ביסט אין גרונד בלויז אַ נאַריש ווייב, וואָס האָט ליב דורך דאַך־שפּאַלטן אונטערקוקן.

און אַפֿילו אויף דעם פּאַפּיר, אויף וועלכן אָט דער שיר־שפּרוך ווערט דיר אויפֿגעשריבן, לויערסטו אַרויף און לאַכסט מיט דיין קאַלט און בלאַס געלעכטער.

דו אַלט־ווייבערישע לבנה — דו, נייגיריקע אַלטע אומשולדיקע מויד, וואָס נעמט קיין אַנטייל נישט!..

# מיין נייער אַנצוג

איך קויף מיר אַ נייעם אַנצוג, פּוץ זיך אויס. רייניק אויס די נעגל, שמיר אָן די האָר מיט פּעטס, זיי זאָלן גלאַנצן, נעם דעם שפּאַציר-שטעקן אין האַנט און פּאַרלאָז מיין פאַרהייראַטע פרוי.

זוך אויס אינם נאָטיץ-ביכל די אַדרעסן פון אַמאָליקע געליבטע און גיי.

פרעג זיך אָן ביי שכנים, קלעטער אויפן פּערטן, פּיפּטן שטאָק און בין ענטוישט.

אַרויסגעצויגן.

חתונה געהאַט.

כמעט אַלע פון מיינע געליבטע זענען מער-ווייניקער פאַרהייראַט און יעדע פון זיי האָט אַ מאַן וואָס קאָן דערלאַנגען אַזאַ ראָמאַנטישן יונגערמאַן, ווי איך, פיינע, געזונטע פּעטש און —

מיר אויסשמירן מיין נייעם אַנצוג.

מיין זומערדיקן.

דריי איך מיך אַרום איבער די גאַסן אַן אויסגעפּוצטער מיט דעם געפלעקטן שפּאַציר-שטעקן אין האַנט און — לאַגגווייל זיך.

קער זיך אום אַ היים, וואַרף אַראָפּ פון זיך דעם נייעם אַנצוג, דערלאַנג דער קאַץ איבערן קאָפּ מיטן שטעקן און בייזער זיך אויף מיין געזעצלעכער פרוי.

און קאָן זיך נישט באַרויקן.

# מיין אויג

ווי אין אַן אָפּענעם לייבן-מויל וואַרף איך מיין אויג
אַלצדינג אַריין.
אי בויגיקע יונגפרוי-געשטאַלטן.
אי אוראַלטע קעניג קברים.
אי מערש, אי טענץ פון יידישן טעאַטער.
אי זונאונטערגענג פון עגיפּטן.
אי ליניען פון קופּער-רויטע בערג.
אי שרפות מוראדיקע,
אי ים-וועלן וואָס קיצלען דעם הימל הינטער די ריפן.
גערטנער טויזענדע וואַרף איך צו מיר אין אויג אַריין.
וועלט אונטערגענג און פּאַראַדן! לויות און וואַסער-פאַלן!
די שוויץ, איטאַליען און באַלטימאָר,
דעם רוסישן באַלעט און אַן איבערגעפּאָרטן קינד.
הימלען און רעגנשירעמס.
שטערן און שיכבענדלעך.
פליי און עלעפאַנטן.
אָ אויג, מיין אויג! דו אונערזעטלעך אויג!
דו אַלץ פאַרשלינגענד אויג!

## פישפאנג אוי ל־יבעליי

שרייבט מיר אַ חבר:

צווישן אַנדערס לאָז איך דיר וויסן, אַז איך בין ביים ברעג ים און כאַפּ פיש.

עס איז אַ גרויסער ספּאָרט.

נישט די פיש — נאָר דאָס כאַפּן.

קוים פאַרבלוטיקט אַ צאַפּלדיקער פיש אויף מיין אַנגל, וואַרף איך אים צוריק אין וואַסער אַריין.

דען בלויז אין פאַנגען ליגט דאָס גליק.

שרייב איך צו מיין חבר:

ליבער חבר! דיין פיש-פאַנג דערמאָנט מיך אָן מיינע יונגע ליבעס.

ווי אָפט בין איך געזעסן גאַנצע טעג אין וואַלד און געוואַרט אויף אַ פאַנג.

איך האָב נישט גענוצט קיין האַנד-נעץ און קיין אַנגל.
איך האָב גענוצט שיינע, געשליפענע ווערטער.
ווי פער,
און גאָלד.
און בלומען האָב איך אין האַנט געהאַלטן.
און אַזוי איידל געזיפצט.
און האָב איך דאָס נאַרישע האַרץ געפאַנגען און צעבלוטיקט, האָב איך עס צוריק אין וואַסער געשליידערט.
דען בלויז אין פאַנגען ליגט דאָס גליק.
אַדיע!

# ע ל ע ג י ע

אַן עלנד בלעטל פלאַטערט אויפן בוים.
הערבסט.
קראָען דרייען זיך אַרום אין דער הויך און קראַקן דיר
אַ־אַ אומענדלעכע שווערקייט אין האַרצן אַריין.
און די זון גייט אויף,
גייט אונטער —
גייט ווידער אויף.
אַזוי לאַנגווייליק.
אַז דו ביסט טרויעריק,
ווי נאָך אַ רייכן איבערזאַטן מאָלצייט.
אָדער האָבנדיק איבערגעלעזן אַ בוך פון איינעם, וואָס
איז אומענדלעך גרעסער פון דיר
און טאַלאַנטפולער.
און נאָך טרויעריקער איז עס וואָס —
איך בין אליין דער הערבסט.
דאָס עלענדע בלעטל.
די שוואַרצע קראָ.
די מידע זון, וואָס גייט אויף און גייט אונטער און גייט
ווידער אויף אָן אַ זין און ציל.
איך בין אַליין דער זאַטער מאָלצייט.
דאָס פיינע בוך,
דער טאַלאַנטפולער קינסטלער.

— — —

קעלנער, צו גלעזלעך טיי פאַר צלעמען. מיט לימענע!

# אין מוזעאום

גייט אין מוזעאום און באַטראַכט די שיינע בילדער
לויפט נישט. גייט לאַנגזאַם
גייט לאַנגזאַם און באַטראַכט די פילע פרויען-געשטאַלטן אויפן לייוונט.
מאַכט געוויסע קונכט-באַמערקונגען און האָט הנאה פון אייערע קלוגע רייד.
רעדט וועגן אַטמאָספערע, זשאַנר, מיליע און פוטוריזם.
ס'איז שיין!
נאָר אַז איר ווערט מיד און איר זעצט זיך אַוועק אויף אַ באַנק אָפּרוען גיט אַ טראַכט:
פאַר יעדן פרויען-בילד, וואָס ערגעץ אַ לומפּ-קערל אַ מאַלער האָט געמאָלן, איז געשטאַנען אַ מאָדעל-מיידל.
וואָס איז דער סוף פון די אַלע מאָדעל-מיידלעך?
פרעגט ביי די ציניש׳ע קונסט סטודענטן פון פּאַריז.
זיי וועלן אייך אָנווייזן אַ מ אַ ג ד אַ ל ע נ אַ וואָס שטאַרבט פון אַ וועגערישער קראַנקייט.
און אַ ו ע נ ו ס, וואָס גייט אַרום איבער די הייזער וואַשן וועש.
און אַ ד י א נ א, וואָס פאַרקויפט זיך צו שכורים פאַר אַ פראַנק.
גיט זיך די מי, ליבע צושויער, און טראַכט וועגן זיי!

## סענטימענטאַל

אַביסל ליריק.

מיין שטעדטל. אַ לבנה-נאַכט.

ס'איז שטיל.

שטיל.

די גוטע לייט שלאָפן און חלומען פון אַ ברוין שטיק ברויט מיט פוטער.

ערגעץ אויסערן שטאָדט, אַרום דעם פאַרוואָרפענעם באַרג פון ווייסן ליים, שטייט דער אַלטער ברונעו.

דער ברונען-קאַסטן איז מיט וואַלד-שוואָמען באַוואַקסן. דער עמער הענגט אין דער הויך אויף דער פאַראָסטעטער קייט און פון אים טריפן טראָפנס וואַסער אַרונטער.

קאַפ, קאַפ!

אפשר האָט זיך דעם ברונענס האַרץ צעוויינט — צו טיף האָט מען פון אים געשעפט?

די קאַלטע נאַכט-שטערן אַרט עס נישט —

ווי ס'אַרן זיי נישט די שטילע טראָפנס, וואָס פאַלן — אין די פאַרחלומטע נעכט — פון מיין אויג אַראָפּ.

— — —

אַלטמאָדיש, אָבער נישט אַלע קאָנען עס.

# איך בעט דיך

לאָז מיך שיכּור זיין, מיין ליבע פרוי.
דען אומגליקלעך בין איך, ווען איך בין ניכטער.
אַזוי בייז.
פאַרביטערט.
רעוואָלוציאָנער.
שלאָג די קינדער פון אומצופרידענהייט מיט זיך אַליין.
טייטל אויף דיינע פאַרגאָלדעטע, קינסטלעכע אויבערשטע ציין.
שריי, אַז איך וועל אַנטלויפן פון דער אומציכטיקער שטוב.
פון די שלעכטע בלינצעס.
שיכּור וויל איך זיין, מיין ליבע אומשולדיקע פרוי.
ניכטער מיך נישט אויס מיטן וואַסער פוןווירקלעכקייט.
דען אין וואַסער שפּיגלט זיך אָפּ מיין אמתע געשטאַלט.
מיין ווילדער קאָפּ האָר, די אויסדרוקסלאָזע אויגן, די לאַנגע און פאַרהאַרטע הענט.
לאָז מיך שיכּור זיין.
אַז איך בין שיכּור, בין איך גוט.
העלף דיר וואַשן ס'געשיר,
גיב די קינדער מטבעות,
רעדט מיטן שכן וועגן די דאַרדאַנעלן.
רוף דיך: מיין טויב.
לאָז מיך שיכּור זיין, ליבע פרוי!

# אַ באַרג

בײַ אונז אין שטעדטל איז פֿאַראַן אַ באַרג.
איז בײַם ליבן לעזער אין שטעדטל אויך פֿאַראַן אַ באַרג?
אויב נישט, דאַרף ער נישט רויט ווערן.
ס'מאַכט נישט אויס.
נישטאָ איז נישטאָ.
נאָר פֿונדעסטוועגן איז אַ באַרג אַ נוצלעכע זאַך.
אַ גוטער ברודער — פֿאַרשטעלט ער.
ווען מען באַדאַרף.
און די גויעם אין די פּעלצן און די יידן מיט די נישט
פֿאַרקאַמטע בערד אויף דער זייט באַרג זענען נישט, וואָס אַ יך
יענער זײַט טוט זיך.

— — —

זי האָט געהייסן: קאַסיאַ.

# אַלעס וואָס ענדיקט זיך

די ענדע!
פֿאַרוואָס זאָל זיך אַלעס מוזן ענדיקן — זאָגאַר אַן
אַמוזירענדע נאַרישקייט?
אויב עס געפֿינען זיך אין דער נאַכבאַרשאַפֿט דיפּלאָמירטע
הערן פֿון דער שווייץ, זאָלן זיי ענטפֿערן!
פֿאַרוואָס זאָל מען נישט קאָנען אָנגיין ביז דער ווייטסטער
אייביקייט און פֿאַרגיין ערשט אין לעצטן שטויב?
אומגעפּער אַזאַ פֿראַגע.
פֿאַרוואָס זאָלן אַלע פֿאַרגאַנגענע זאַכן זיין שיין און אַלע
געגנווערטיקע באַגעבונגען — מיאוס און קליין?
איז דען די געגנוואַרט פֿון היינט נישט די פֿאַרגאַנגענהייט
פֿון מאָרגן?
וואָרום זאָל איין זון־אונטערגאַנג זיין אַזאַ שונא פֿון
אַ נ ד ע ר ן?
און וואַרום זאָלן בלומען בליִען און וועלקן, און וועלקען
און בליִען? — צי וואָס אַזוי פֿיל אומנויטיקע אַרבעט פֿון דער
געטלעכקייט, ווען עס איז פֿיל פּראַקטישער צו מאַכן די וועלט
פֿאַר אַן אייביקן ווייִנגאָרטן און אַלע מענטשן פֿאַר נביאים
מיט ווייסע בערד? — —

— — — — — — — — — — — — — —

אויב עס געפֿינען זיך אין דער נאַכבאַרשאַפֿט דיפּלאָמירטע
הערן פֿון דער שווייץ, זאָלן זיי ענטפֿערן, אַז נישט פֿאָר איך
אַוועק אויף עטלעכע טעג!

## די סטראַשידלע

אין אַ גרויסן, משופּעדיקן ווייצן-פעלד האָב איך זי געזען — די אויסגעשטאָפּטע פיגור, מיט אַ מאַנסבילש רעקל, אַ הוט און אַ פּאָר הויזן.

ווייט, אין מיטן פעלד, איז די סטראַשידלע געשטאַנען מיט צעשפּרייטע הענט — אָרבל, פון וועלכע עס האָבן זיך אַ פּאָר ווייסע מאַנזשעטן אַרויסגעזען און געדאַרפט אָפּשרעקן די יונגע, חוצפּהדיקע פייגל וואָס קומען די קערנער פון די זאַנגען אַרויסגנבענען.

און איך האָב געזען:

אויף דעם טוכענעם הוט פון דעם כלומרשטדיקן פעלד-פּריץ מיט מאַנזשעטן זענען אַ טשאַטע נישט-צעשראָקענע יונגע פייגל געשטאַנען, און יעדע פאַטשערקע-אויג פון די פאַרשייטע פייגל האָט הויך געזאָגט:

— ווער שרעקט זיך פאַר דיר, דו נאַרישער פּריץ מיט די מאַנזשעטן?...

# דער רעגן

דער רעגן האָט געזונגען איבער די פעלדער, און די גראָזן האָבן אויפגעלעבט.

דער רעגן האָט געזונגען איבער די פעלדער, און די פייגל האָבן פון די נעסטן מיט אומעטיקע, שוואַרצע פּאַטשערקע-אויגן אַרויסגעקוקט און זיך צום היי געטוליעט.

דער רעגן האָט געזונגען איבער די פעלדער, און די בערג זענען גריַנער און ליכטיקער געוואָרן.

דער רעגן האָט געזונגען איבער די פעלדער, און אַ וואַנדערער, וואָס איז אונטערוועגס מיט נאַסע פיס געגאַנגען, האָט דעם זינגענדיקן רעגן געשאָלטן און די בערג און די פייגל און די פעלדער.

דען דער מענטש האָט געהאַט אַ שווערן קאַטאַר, און זיינע ביינער זענען געווען אַ ווינ-אָרט פאַרן ז.יי־לאָזן רומאַטעס.

און דער מענטש איז נישט געווען איך.
היט מיך איר די פיס.

## וועגן זיך אַליין

— איר רעדט פון זיך אַלייז.
— איך בין אַן אינטערעסאַנטער מענטש.
— איר רעדט צופיל וועגן ויך אַליין.
— איך האָב פיל לענדער דורכגערייזט, אַ סך געזען.
מיינע שטיוול טראָגן אויף זיך דעם שטויב פון פיר וועלט־טיילן.
— איר רעדט צופיל וועגן זיך אַליין!
— איך האָב פיל ליבעס געשפילט און נישט פאַרשפילט,
פיל ביכער געלעזן און נישט פאַרשטאַנען, פיל ויין געטרונקען
און נישט שיכור געוואָרן.
— איר רעדט צופיל וועגן זיך.
— אויף מיין האַרץ ליגט די אַלטקייט פון אַ גאַנץ פאָלק,
דער שימל פון הייסן עגיפטן.
— איר רעדט צופיל וועגן זיך.
— דאָס האָט אַלץ געזאָגט דער העלד פון מיין ערציילונג!
— אָ, ואָס איז עפּעס אַנדערש. אַ העלד — פאַרשטיי איך...

# אַ שטימונג

בייטאָג טראַכט איך: ווען קומט שוין די נאַכט? און ביינאַכט טראַכט איך: ווען קומט שוין „זי".

זי קומט נישט.

אומעטיק,

אין פרילינג טראַכט איך: אָט באַלד וועט זיין זומער און איך בין אַזוי אומענדלעך פאַרהייראַט.

אין פרילינג טראַכט איך: אָט רוקט זיך אונטער דער ווינטער מיט זיינע שניי־שטורעמס, ווען עס איז אַזוי גוט צו אומאַרמען אַ מיידל און חלומען פון זומער. און אין זומער טראַכט איך: אָט באַלד וועט זיין ווינטער און עס וועט זיין אַזוי שיין צו האַלטן אַ מיידל אויף דיין שויס און טרוימען פון זומער.

און זי קומט נישט.

איז אומעטיק.

און פון גרויס אומעטיקייט ווער איך קלוג און טראַכט:

יענע וואָס איך האָב שטאַרק געגלוסט צו קושן און האַלזן, האָב איך קיינמאָל נישט געקושט, און יענע, וואָס איך האָב אַזוי האַרציק געקושט און געהאַלזט, האָב איך קיינמאָל נישט געגלוסט צו קושן און האַלזן.

און איך ווער מעלאַנכאָליש און צי אָן דעם וואַנד־זייגער.

צי איך אָן.

# אדיעקטיוון

שיינע קאַרשן אויפֿן בוים, ווילט איר אָפּרייסן זיך פֿון
אייער מוטערצווייג?
שיינע קאַרשן שווייגן.
רויטע קאַרשן אויפֿן בוים, ווילט איר אין מיינע אויסגע-
שפּרייטע הענט אַריינפֿאַלן?
רויטע קאַרשן שווייגן.
ליבע קאַרשן אויפֿן בוים, ווילט איר ווילדע פֿויגל זאָלן
אייערע יונגע לייבער אויסשטעכן?
ליבע קאַרשן שווייגן.
פֿיינע קאַרשן אויפֿן בוים, ווילט איר די זון זאָל אייער
שמעקנדיק בלוט פֿון די אָדערן אויסטרינקען?
פֿיינע קאַרשן שווייגן.
צייטיקע קאַרשן אויפֿן בוים, ווילט איר דער ווינט זאָל
אייך אין אַ פֿרעמד לאַנד פֿאַרוואַרפֿן?
צייטיקע קאַרשן שווייגן.
זאַפֿטיקע קאַרשן אויפֿן בוים, ווילט איר ערלעכע ווערים
זאָלן אייערע רויטע הערצלעך דורכפֿרעסן?
זאַפֿטיקע קאַרשן ציטערן אויף און פֿאַלן אויף מיינע
ליפּן אַרויף.

## ווי אַלעמאָל — ליבע

מיין טאָכטער, אויב די ליבע איז אַ באַזינגבאַרע זאַך, דאַן האָב איך נישט קיין צייט זי צו באַזינגען — איך וועל בעסער דידאַקטישע צייט אויסנוצן אויף צו ליבן. און אויב ליבע איז נישט אַזאַ גרויסע זאַך, מיין טאָכטער, צו וואָס זינגען וועגן איר? ס׳איז אויף באַשטעלונג.

טאָכטער מיינע, גיי נישט מיט דיין געליבטן אין פּאַרק, ווייל דאָרט איז פאַראַן צו פיל לופט. און גוטע לופט איז שעדלעך פאַר דער ליבע, ווייל זי לייטערט אויס דעם מח און האַלט אים ריין.

גיי אויך נישט מיט דיין געליבטן צום ים, מיין קלוגע טאָכטער.

דען דער ים בייט זיין דרויסענדיקייט און ווייזט זיינע קאַפּריזן. ער שעמט זיך נישט צו זיין זער שלעפעריק, נאָכדעם ווי ער איז ערשט געווען זער שטורעמדיק. און דו פאַרלאַנגסט, אַז דיין געליבטער, זאָל זיין אייביק שטורעמדיק און ווילד.

און אַז זיין ליבע צו דיר זאָל זיין הויפּט-באַשעפטיקונג.

און אַז ער זאָל אייביק קושן די זאַמדיקע ברעגעס פון דיין טרוקענער רויקייט.

מיין טאָכטער, די גאַנצע ליטעראַרישע פּראָפעסיע לעבט פון ליבע און פון אירע פּלאָגן, און דעריבער לעבט זי אַזוי לייכט, אַזוי חנעוודיק.

ליבע איז אַ לייכטע און חנעוודיקע אינדוסטריע, מיין טאָכ־טער, און זי דערהאַלט אַ סך מענטשן ביים לעבן.

מיין טאָכטער, איך און דיין מוטער זענען איין מענטש און איך בין דער איינער.

אַזוי האָט געזאָגט משה נאַדיר און איז אַנטשלאָפן געוואָרן איבער דעם מאַנוסקריפּט.

# נאָכאַמאָל — ליבע

אומפאַרשעמט בין איך און אויף אייערע נערוון שפּיל איך — פער שטונדע.

„דער שטויב פון דער וועלט איז אויף מיר געפאַלן״, דאַרי־בער טראָג איך אין מיין יונגן האַרץ משותּ׳ח־אַלטע נאַרישקייטן.

איך וויל אייך אַלעמען, אָן אויסנאַם, דערציילן פון מיין געליבטער מיט דעם שוואַרצן צאָפּ.

אונטערן מאַסט־בוים פון אַ שיף, באַלויכטן פון עטלעכע הענג־לאַמטערנס, וואָס ציטערן העט אויבן ווי אויסגעריסענע אויגן פון אַ מענטש, האָט זי מיך בייז געקושט און געזאָגט:

— וועט איר שוין, אַלזאָ, אַ טעמא האָבן פאַר אַ ליד?

— דו שיין, נאַריש מיידל — האָב איך געזאָגט און געקוקט צו די פאַרביקע הענג־לאַמטערנס — זיי ווייסן, אַז איך קוש נישט קיין מיידלעך כּדי צו קענען זינגען, נאָר איך זינג כּדי צו געפעלן ווערן מיידלעך און זיי קושן.

און ביי דידאָזיקע ווערטער האָב איך זי צו זיך פעסט־פעסט צוגעדריקט און איר — אַ ליד פאַרגעלעזן.

— — —

אומפאַרשעמט בין איך, און אויף אייערע נערוון שפּיל איך — פער שטונדע.

# מיין ווינטער חלום

א ווייטע שניי-מדבר.
די נארישע ווייסקייט בלענדט די אויגן.
און די אומענדלעכקייט שרעקט.
פולט דעם מח מיט קאלטע מחשבות אן.
אזוינע משוגענע-ניכטערע.
אהין וועל איך אוועקגיין און מיטנעמען:
ס'גאלד פון אייערע אויגן.
דאס זילבער פון אייערע געלעכטערס.
די דימענט-שטיינדלעך פון אייערע טרערן.
די פערלען פון אייערע ליבעס.
און ערגעץ-ווו, אין דעם טויזנט-מאל פארפרוירענעם יב-
מדבר, וועל איך, מיט מיין אייזערנעם קנאפל, אן עפנונג אויסהאקן.
און דאס אלעס אריינוווארפן — אינאנײנעם מיט מיין הארץ.
און אריינשפייען.

— — —

אט אזוי גיב איך זיך א שרייב — כלומרשט אויפגערעקט
און שרעקלעך פארביטערט.

## די פינפטע עוועניו

בּיים טיי-טיש איז יידיש אַ פּאַסנדע שפּראַך. אויך בּיי קאַווע און פּוטערקוכן. אָבּער בּיי ווײַן מוז מען פראַנצויזיש רעדן.

און לירישע אינספּיראַציאָן קומט נישט פון די אַרבּעטנדיקע מאַסן, נאָר פון די שענע דאַמען פון דער פינפטער עוועניו.

אָט אַזוי רייס איך אַרונטער דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וויוויל איך מאַך פון אים אַ לעבּן.

זאָלן אַלע אַרבּעטנדיקע נאַראָנים וויסן, אַז איך בּעדויער זיי ווען איך האָבּ צייט, אָבּער ליבּ האָבּ איך די זאַטע און די רייכע.

דען בּלויז אַ זאַטער קען אָפּשאַצן די שענקייט פון הונגער. און בּלויז די פינפטע-עוועניו קורטיזאַנקע קאָן אָפּוועגן די בּאַנאַלע שניידערן-אומשולד.

דאָס אָפּענע, נישט-שיינע, אָפּגעדעקטע לעבּן פון זומער איז פרעמד דער פינפטער עוועניו.

זי שטעלט איר צייטיקע בּרוסט נישט אַרויס פאַר דעם הונגעריקן קינד נ י י ג י ר ד ע, און דעקט אויך איר אומשולד אין שמאַטעס נישט איין.

בּיים טיי-טיש און בּיים הערינג-טעלער איז יידיש אַ ווילע שפּראַך, אָבּער אויף עלעגאַנטע איינפאַלן איז נויטיק פראַנצויזיש.

כּדי דער איינפאַכער לעזער זאָל נישט פאַרשטיין און דער אינטעליגענט זאָל הנאה האָבּן.

## אַ געניץ —

ערגיץ אין אַ גאַליציש דאָרף.
פון ווייטן פאָרן בין איך מיד, צעבראָכן.
פאָרט ס'גויעשע פירל צו אַן אכסניא צו.
קאַפּעט אַ קליין, מיד רעגענדל.
שלאָגן — דורך די לאָנקעס — גראָע, שלעפעריקע וואַסערלעך.
פּאַשן זיך עטלעכע שפּיציק־ביינערדיקע קי, מיט הונגעריקע קו־אויגן.
בּיי אַ מיסט־באַרג בלייבן מיר שטיין: וואָ־אָ!
די אכסניא.
פערעלדיק־גראָ איז דער דרויסן. דאָס דאָרף שלאָפט נאָך.
לינקס — איז אַן אויסגעבוינענער קלויסטער אויף אַ באַרג.
פאַלן די ערשטע גלאָקן־קלאַנגען אַרונטער.
אַזוי מעלאַנכאָליש!
איך וויל אַרייַנגיין אין דער אכסניא און קען נישט — דער געשטאַנק לאָזט נישט.
איך גיי צוריק אַרויס אין דער נאַסקייט.
אין מיין לאַנגן שוואַרצן מאַנטל, ראַזירטע וואָנצן, זע איך אויס ווי אַ גלח.

לינקס — אַ קליינער סאָד. גייט דאָרט, צווישן די עפּל־ביימלעך, אַ שאָטן־שטילער, טויט בלייכער יונגערמאַן אַרום, און אַ שאַל איינגעוויקלט, און — שפּייט איבערן פלויט גרויסע שטיקער בלוט אַריבער.

און הוסט – מיט אַ שרעקלעכן כריפּ.
קרייט ערגיץ אַ האָן און עס סקריפּעט אַ קייט פון אַ ברונעם.
דער רעגן קאַפּעט, קאַפּעט, נעצט מיין לייב דורך.
הערט, יונגערמאַן, איר זענט ערנסט קראַנק. טוט איר עפּעס דערצו?
– יאָ. איך פאָר אַלע צוויי וואָכן צום רבין.
עס קרייט דער האָן. מיר פאָרן אַ ליימיק בערגל אַרויף און
אַזן דעם טויט-בלאַסן יונג אין טאָל איבער –
צווישן אזיאטן.
צווישן לאַנדסלייט.

## וועגן היסטאָריע

מיין טאָכטער, היסטאָריע איז אַ גרויסע פֿאַסקודסטווע און זי איז שולדיק אין אַלע וועלט-אומגליקן.

מיין זאָכטער, די היסטאָריע פֿאַרשרייבט זיך זעלבסט, ווייל ווען עס זאָל נישט זיין קיין היסטאָריע, וואָלט נישט געווען וואָס צו פֿאַרשרייבן.

קינד מיינס, דיין קלוגער טאַטע, (32 יאָר אַלט, פֿאַרהיי־ראַט), האָט זיך אַריינגעטראַכט אין דער היסטאָריע און ער איז געקומען צום שלוס, אַז זי איז דאָס גרעסטע אומגליק.

מיין טאָכטער, די היסטאָריע איז דער זכרון פֿון דער וועלט, איר אומשטערבלעכקייט. און פֿאַרוואָס נאָך שטאַרבט דען אַ מענטש אַזוי גערן, ווי פֿאַר אומשטערבלעכקייט?

„כּדי די היסטאָריע זאָל אַריינשרייבן" — קוילעט מען אויס אַ האַלבע וועלט. „כּדי די היסטאָריע זאָל אַריינשרייבן" — לאָזט זיך דער זעלנער אויפזועבלען דאָס האַרץ, אָדער דעם קאָפּ. „כּדי די היסטאָריע זאָל אַריינשרייבן" — שטרעבן מענטשן נאָך רייכקייט און נאָך כּבוד. „כּדי די היסטאָריע זאָל אַריינשרייבן", — זיצן טויזנדער געזונטע צוויי-הענטיקע מענטשן און שפּילן זיך מיט קונסט און ליטעראַטור.

מיין טאָכטער. די וועלט-געשיכטע איז די געשיכטע פֿון דער וועלט-געשיכטע זעלבסט.

# דאָס מוטערל ערד

נישט מיין טעמא. נאָר עס מאַכט נישט.

אַביסל ערנסט גיט צו קאָלאַריט און גוטער טאָן איז צו האָבן אַ מיינונג וועגן אונזער אַרדנונג.

האָב איך מיר באַטראַכט די איצטיקע געשעענישן און אין כּעס געוואָרן.

דאָס מוטערל ערד איז מיט בלוט פאַרגאָסן, ווי אַ צעבייליטצר חזיר.

צופיל בלוט זויפט די אַלטע – ווערט פעטער און פעטער.

און עפּנט נישט איר פייערשפּייענדיקן מויל און פרעסט נישט אויף דאָס נאַרישע מענטשן-געזינטל.

אירע שוויינען-קינדער.

קיין ריר טוט זיך נישט - פון מאָראַלישער ענטריסטונג – איר פעט לייב.

אומבאַוועגלעך בלייבט איר גרויסער. קאָלאָסאַל-אויסגעזיני-דיקטער קערפּער. זי איז אַלט און שוואַך און וויל פעט ווערן און צוקריגן אַ גוידער אויף די עלטערע יאָרן.

נעמט דאָס מוטערל ערד וואַרעמע בלוט-בעדער, און פעטער און געזונטער ווערט זי פון טאָג צו טאָג.

און טון טוט זי דאָס נישט צוליב זיך. נאָר צוליב אירע קינדער – די מענטשן.

זיי זאָלן האָבן אַ געזונטע מאַמע.

דו שווייניש מוטערל ערד!

דו!

## פרײלײן שװעבעלע

— אַ בלאָנד קעפל אַ שײנס, אויף אַ שלאַנקען קערפּער, אָבער — ס'איז אומעטיק.

שרעקלעך אומעטיק!

און אײנאײנעם מיט אַ סך אַנדערע שװעסטער ליגט עס בײ זיך אין דער הײם און — ס'איז אומעטיק.

עס לאַכט נישט.

עס ברענט נישט.

עס װאַרעמט נישט.

אומעטיקע, קאַלטע, בלאָנד-קעפּיקע יונגפרוי!

װי פרום דו ליגסט אויף דײן געלעגער, װי אומשולדיק, װי נישט געפּערלעך!

נאָר אָט האָט דיך אַ האַנט אָנגערירט, אַ גלעט געטאָן דעם בלאָנדן קאָפּ דײנעם אויף זײן אַרבל און — דו שטײסט שוין ביז איבערן האַרץ און פײער. און דו פאַרלירסט ס'שײנע, בלאָנדע קעפּל דײנס און דו פּאַלסט, פּאַלסט, אין דײן אײגן פײער.

און דו גײסט אויס — װי אַ ליכט.

און דו שטאַרבסט פון בושה דאַפון װאָס דו האָסט דיך געלאָזט אָנצינדן פון אַ גלעט, דאַפון װאָס דו האָסט זיך דיר געלאָזט פאַרברענען — אָן אַ חופּה-רינגל.

װײ געשריגן!

## צווי.

די שעהנע האָט געזאָגט:

וואָס פאַר אַ פּרעכטער מענטש מיין דאָקטאָר איז! ווי נישט שיין ער באַנעמט זיך מיט די פרויען!

און זי איז געווען רויט און פאַרשעמט, און העכסט פון זיין צימער אַרויסגייענדיק. און די שיינע אויגן האָבן ביי איר געברענט מיט אַ קליין, חנעוודיק וואַלד-שרפהלע, פון באַליידיקונג, און אירע באַקן זענען געווען ווי צוויי רויטע רויזן פון דעם שיר-השירים-גאָרטן אַרויס.

און זי האָט באַשלאָסן:

זי וועט מער צו דעם דאָקטאָר נישט גיין. ער איז צו פרעך צו מאַנסבילליש, צו טעמפּעראַמענטפול.

די נישט-שיינע האָט געזאָגט:

וואָס פאַר אַ קאַלטער מענטש דער דאָקטאָר איז! ווי אַנשטענדיק ער באַנעמט זיך מיט זיינע פרויען!

און זי איז געווען ציגל-רויט און פאַרשעמט. אין אירע אויגן האָט געברענט אַ שטיל שרפהלע פון באַליידיקטן פרויען-שטאָלץ, און איבער אירע ברעמען האָבן צוויי יונגע טרערן געוואָלט אַראָפּשפּרינגען און באַגיין זעלבסטמאָרד.

און זי האָט באַשלאָסן:

זי וועט מער צו דעם דאָקטאָר נישט גיין. ער איז צו קאַלט, צו גלייכגילטיק, צו אַנשטענדיק.

און דער דאָקטאָר, מיט דער פייער געשניצטער שוואַרצער דאַנונציאָ-באָרד, האָט נעביך זיין גאַנצע פּראַקטיקע פאַרלוירן.

דער אָרעמער דאָקטאָר.

דער זעהר מענטשלעכער דאָקטאָר!

# עלטער און יונגער

זעט מיין נאָטיצביכל!

זעט מיין פּ ר י וו אַ ט נאָטיצביכל.

זעט די וווּנדער פון מיין פּריוואַט נאָטיצביכל! זעט אַזויפיל מיידל-נעמען אָנגעצייכנט אין מיין ביכל, און וואָס ע ל ט ע ר די שריפט איז, אַלץ י ו נ ג ע ר איז מיר דער נאָמען.

וואָס אָפּגעמעקטער דער נאָמען, אַלץ קלאָרער איז ער מיר, אַלץ דייטלעכער.

ווי וווּנדערבאַר דאָס איז!

דער פרויען נאָמען, וואָס איך האָב אים ערשט נעכטן אַריינגעשריבן אין מיין ביכל, איז מיר עלטער און אומבאַקאַנטער, ווי די נעמען וועלכע איך קאָן שוין קוים איבערלייענען.

די אַלטע האַלב אָפּגעמעקטע נעמען, ווי דייטלעך איך קאָן זיי פאַרשטיין, ווי קלאָר איך קאָן זיי לייענען – אפילו אָן ברילן.

אָבער די נייערע?

לאַנג קוק איך אויף זיי און פאַרשטיי זיי נישט.

דורך די בעסטע ברילן לייען איך זיי און זיי זענען מיר נישט קלאָר.

איז דען דאָס נישט קיין רעטעניש, מיינע ליבע-געטרייע?

אַלטע, אָפּגעמעקטע מיידל-נעמען פון מיין נאָטיצביכל – איר זענט דער איינציקער, קלאָרער, אַנגענעמער, פיינער לעזעשטאָף אויף וועלכן איך פאַרברענג מיינע לאַנגווייליקע טעג.

# מעטאפּאָרען

דיין זילבערנער גירטל, געליבטע, איז די קייט, וואָס נעמט אַרום מיין צוקונפטיק לעבן.

דיין גירטל, געליבטע, איז די זילבערנע רייף, וואָס האַלט צענויף מיין ליידיקן איצט מיט מייַן פּרוכטבאַרן שפּעטער.

מיינע הענט האָב איך אַרויסגעשיקט, געליבטע, און זיי בלאָנזשען אַרום ווי צוויי מידע, פאַרשלאָפענע קינדער אַרום דיין זילבערנעם-גירטל-געגנט.

טרייב נישט אַוועק מיינע אָרעמע, פאַרבלאָנזשעטע הענט פון זייער ירושלים, געליבטע!

פאַרשטויס נישט די צוויי עלנדע וואַנדערער פון דעם פייער וואָס גליט אין דיינע לענדן, געליבטע!

עס איז זיי אַזוי אומעטיק די צוויי בלייכע, בלאַסע, בלינדע, בלאָנדע וואַנדערער, וואָס בלאָנזשען אַרום כמעט אויף די שפּיץ פינגער.

האָב רחמנות, געליבטע!

# א י י נ ז אַ ם

איינזאַם איז די איינזאַמקייט, מיין געליבטע, אָבער טאָפּל איינזאַם איז די צוויייזאַמקייט.

לאָמיר זיך פאַרצווייזאַמען, געליבטע, צוליב די צוקונפטיקע דורות.

נויג־צו דיין ווייס דורכזיכטיק עלפאַנטביין אויער, מיין געליבטע, און הער דעם ריף פון אונזער נאָענטער, נאָך ניט געבוירענער צוקונפט.

לאָמיר קעמפן, געליבטע, צו מאַכן די צוקונפט פריי און ענטבונדן פאַר דער וועלט.

לאָמיר שטרעבן דערצו, אַז אונזער צוקונפטיקער דור זאָל נישט בלייבן אין דער פינסטער.

וואָרים:

שיין ביזטו, מיין געליבטע, בלאָנד ביזטו, יונג ביזטו, און אַזוי פול מיט אַ רייכער, אומרויִקער, טומלדיקער צוקונפט.

און וואָס וועט זיין דער תכלית דערפון ?

געליבטע מיינע, לאָמיר מער־ווייניקער קעמפן דערפאַר, אַז אונזערע קינדער זאָלן קאָנען לעבן אויף דער וועלט.

לאָמיר דעמאָקראַטיש זיין, געליבטע. און לאָמיר טון אונזער פליכט פאַר אונזער קינדערס פאָטער און מוטער

# פֿאַרזעצונג

צווישן אונז ביידע, אַן אויסגעניכטערטער פֿרעמדער טאָג —
ווי אַ מאַנסביל אין נאַכלעסיקע אונטערשטע מלבושים אין אַ
מאַנדאַרינען טעמפּל.
אָדער אין אַ גאַליצישן קלויסטער.
נידערטרעכטיק!

מער פֿינסטערניש, געליבטע, מער פֿינסטערניש!
לאָז מיך נאָכאַמאָל דערזען דאָס פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט
און געטרייסט ווערן.

צווישן מיר, דיר און דער פֿריינטלעכער נאַכט האָט זיך אַ
פֿרעמדער, באַלעבאַטישער טאָג זיין געצעלט אויפֿגעשלאָגן און
פֿאַרניכטערט אַלצדינג, און פֿאַרוואָכעדיקט עס.

דער היינט איז אַלט, צעקנייטשט פֿון דיין מאַסיוו לייב,
געליבטע, און ער דופֿטעט פֿון מענטשלעכקייט, אָבער אונזער לאַנג
פֿאַרגאַנגענער נעכטן איז פֿריי ווי אַ הירש, און אַזוי אייביק־יונג,
און גליקבריענגנדיק.

געליבטע מיינע, דו ביזט דער לעבעדיקער חופּה־רינג, וואָס
איז אָפּגענוצט געוואָרן פֿון דער צייט און האָט זיין ווערט פֿאַרלוירן.

און אַוועקוואַרפֿן דיך, מיין טייערע, איז אַזאַ שאָד, ווייל דו
דערמאָנסט מיך אָן איר, אָן איר, מיין איבערצאַלעם געליבטער נאַכט,
מיט וועלכער איך האָב מיך פֿאַרבונדן ביז אין טויט אַריין, ביז
אין טויט אַריין.

## די ווייטע וואָיענדיקע שיף

מיין זון!

דיין פאָטער האָט אַ קנייטש געטון דעם שטערן און ער האָט זיך אַוועקגעחלומט איבער די ווייטע ימים.

מיין קינד! דיין פאָטער האָט געזעגלט אין אַ ווייסער שיף מיט רויזרויטע זעגלביימער, און פאַרפיומירטע ווינטן האָבן אָנגעבויגן די אַקסלען און געשטופּט די שיף איבער די גרינשוימיקע וואַסער־וועגן.

מיין קינד! דיין פאָטער איז אַזוי אָפּגעפּאָרן אין דער חלום־שיף אַ שטיק־וועג. ס׳איז אים געווען אַזוי גרינג, אַזוי גוט, פונקט־ווי אין זיינע אָדערן וואָלט געראָנען די זיסע אייביקייט און זיין נשמה וואָלט געווען אַ פייערטויער צום כישוף־לאַנד.

אָבער פּלוצלונג האָט פונם וואַסער אַ שטיק שפּיגל גלאָז אַרויסגעוואַקסן, ווי אַן אויג פון אַ ים־שד. עטלעכע מאַטראָזן זענען ווי קעץ אַרויפגעשפּרונגען אויף מיין שיף און באַפוילן:

— גיט אַהער די חלומות אָדער מיר שיסן!

מיין קינד, אַז דיין פאָטער האָט דערהערט די נעמלעכע רייד פון די ים־רויוועס, האָט ער זיך העלדיש דערשראָקן און געזאָגט:

— ברידער, איך קאָן אייך אַוועקגעבן וואָס איר ווילט, — ס׳זייגערל, דעם גאָלדענעם שטעקן, דאָס ראַזיר־מעסער, מיין טאַלאַנט, אָבער די חלומות קאָן איך נישט אַוועקגעבן, ווייל איך פאָר אויף זיי.

מיין קינד, איך וועל דיר נישט דערציילן וואָס די ים-רויבער
האָבן מיר געטון. איך וועל דיר נאָר זאָגען, אַז ווען איך האָב זיך
אויפגעכאַפּט פון שלאָף האָב איך געהערט ווי ערגעץ וואָיעט וויי-
גענדיק אַ ווייטע שיף.

# טעג און נעכט

מיין קינד, מאַך דיר אַ רייכן בוקעט פון טעג און נעכט.

עס איז רויטער ווי רויזן, זעלטענער ווי לאַפּיס-לאַזולי, פייערדיקער ווי קרעלן, פאַרביקער ווי מאַלאַכיט און ריינער ווי אַלפּענשטיינבלומען.

פליק אַ שעה צו אַ שעה, אַ טאָג צו אַ טאָג, אַ וואָך צו אַ וואָך, בינד דאָס איין אין חדשים און ווען דער קראַנץ האָט צוועלף גרויסע פיר-בלעטערדיקע בונטן, — וואַרף אים הינטער דיין פּלייצע און פאַרגעס אים.

מיין קינד, דיין מעלאַנכאָלישער פאָטער האָט געזען, ווי אַ יונג מיידל האָט געוואָרפן רויזן אויפן וואַסער דאָרט ווו איר געליבטער איז דערטרונקען געוואָרן, און דיין פאָטער האָט געטראַכט אַז אונזערע בליענדיקע טעג זענען רויטע רויזן אויפן וואַסער, רויטע רויזן אויפן ים.

מיין קינד, די בלומען אַליין זענען גאָרנישט ווערט, זייער שיינקייט איז פיל שטאַרביק, זייער אָטעם איז אַ נשמה וואָס פאַרגייט, אָבער די אַרבעט פון רייסן די בלומען איז זייער אינטערעסאַנט.

דאַריבער פליק דיינע בלאָע טעג, מיין קינד, דיינע בלייכע שעהן און וואַרף זיי אַוועק הינטער דיר.

זיי באַשעפטיקט, מיין זון, זיי באַשעפטיקט!

# מיין קינד —

מיין קינד, — פאַרליב דיך אין עמעצן, עס מאַכט נישט אויס אין וועמען.

פאַרליב דיך, מיין קינד, פון צייט צו צייט, און אויך צווישן דער צייט פון פון־צייט־צו־צייט.

מיין זון, עס איז בעסער ליב צו האָבן דעם פרעמדסטן מענטש אין דער וועלט, ווי זיך אַליין.

ווייל די ליבע צו זיך אַליין איז אַ פּלאַטאָנישע ליבע, און איך האס די פּלאַטאָנישע ליבעס.

מיין קינד, עס איז בעסער ליב צו האָבן אַ נישט פאַרקאַמטע נעגערן, ווי ליב צו האָבן די באַרימטסטע פערזענלעכקייט אין דער וועלט, ווען דידאָזיקע פערזענלעכקייט איז — דו אַליין.

מיט אַ נעגערין קאָנסטו זיצן ערגעץ אין אַ שפּאַציר־גאָרטן און זיך פאַרגעסן, אָבער מיט זיך אַליין קאָנסטו נישט זיצן און זיך באַריש מאַכן.

מיין קינד, דיין פאָטער איז אַזוי מיד פון ליב האָבן זיך זעלבסט, אַז ער האָט זיך אַזש פיינט דערפאַר און ער טראַכט זייער ערנסט וועגן גטן זיך מיט זיך אַליין, אָבער ער קאָן עס נישט טון, ווייל ער האָט אויף זיך שטאַרק רחמנות, און ער ווייסט, אַז אָן זיך אַליין, וועט ער נישט קאָנען לעבן.

מיין קינד, זיי וויסן, אַז די ליבע איז נישט אויף צו געדענקען, נאָר אויף צו פאַרגעסן. פאַרגעס דיך אין דער ליבע, מיין קינד, נאָר פאַרגעס נישט צו צאָלן אַן אנשטענדיקן פרייז דערפאַר, ווייל די ליבע איז היינט זייער טייער, מיין קינד.

# האָמאָ סאַפּיענס.

מיין קינד, דיין פאָטער דער געוואַלדיקער קאָפּ-מענטש און האָמאָ-סאַפּיענס, זיצט לעבן זיין קליין שרייב-טישל אין אטלאַנטיק סיטי, און ווערט געקעמט פון די דינסטע ווינטן און געקושט פון די זוניקסטע ליידיקייטן, וואָס די וועלט פאַרמאָגט, און ער מיט זיך אויסצופערלען די שענסטע געדאַנקען, אַרויסצופינקלען די רייכסטע נשמה-צירונג — כאָטש דיין פאָטער ווייסט זייער גוט, אַז די שפּעטערע דורות וועלן האָבן בילכערע זאַכן צו טון, ווי זיך צו פאַרטיפן אין דיין פאָטערס נאַרישקייטן, אָדער זיך צו פרייען מיט זיינע קלוגשאַפטן.

מיין קינד, דיין קאָלאָסאַלער פאָטער זיצט דאָ און ערגערט זיך ס'האַרץ אַרויס, צוליב דעם וואָס אין ערשטן בוך פון זיינע שריפטן האָבן זיך אַריינגעגנבעט דרוק-פעלערן און וואָס די יידישע שפּראַך אין אַמעריקע האָט אַזויפיל אַנגליציזמען און דאָס באָדן זיך באַקומט אים נישט, און די שיינפּראָוויענערייי גייט אים נישט איין.

מיין קינד, אַז דיין פאָטער דערמאָנט זיך, אַז דעם מענטשנס לעבן איז ווי אַ שטויב וואָס פאַרגייט, ווערט ער אומעטיק. אָבער באַלד דערמאָנט ער זיך, אַז ער אַליין, מערקט אייך, ער אַליין, מיט זיין אייגענעם מעלאַנכאָלישן קאָפּ, איז אומשטאַנד צו טראַכטן אַזוינע געדאַנקען, און עס ווערט אים וואַרעמער אויף דער נשמה, ליבלעכער, טרייסטפולער.

מיין קינד, דיין פאָטער איז שרעקלעך פאַרצווייפלט, אָבער

דאָס ביסל טעגלעכע פאַרצווייפלונג האַלט אים אויף די פיס, און גיט איס כוח ווייטער צו לעבן און צו קעמפן, — אָן א פּ. הער שריפטזעצער.

אָט אַזוי אָ. דאנקע שיין!

# שווייג

מיין זון! דיין פאָטער איז איצט זייער אײַנגעלייגט צו רעדן, דאַריבער שווייגט ער. ווייל רייד זענען בלויז רייד. אָבער ס׳שווייגן איז אַ סך מער ווי דאָס.

מיין זון! צוערשט קומט דאָס גערעדטע וואָרט, וואָס איז כמעט קלאָר און דאַריבער נישט פאַרשטענדלעך, דערנאָך קומט דאָס געדרוקטע וואָרט, וואָס איז אַ ביסל טונקעלער פון דעם גערעדטן, און דאַריבער אַ ביסל פאַרשטענדלעכער, דערנאָכדעם קומט די מוזיק, וואָס איז נאָך אַ ביסל טונקעלער און דעריבער נאָך פאַרשטענדלעכער, און גאָר צום לעצט קומט דאָס געבענטשטע געטלעכע שווייגן, וואָס איז אַזוי קלאָר, אַז יעדער מענטש — אפילו איינער וואָס האָט אַ שטום הארץ — קאָן עס פאַרשטיין.

מיין טאָכטער, אויב דו ווילסט דיר איינהאַנדלען אַ חתן — זינג נישט און רעד נישט און זיפץ נישט נאָר שווייג אים אויס מיט די אויגן.

ווייל דער שטאַרקסטער שטריק, מיין טאָכטער, איז דער גאָלדענער שטריק, וואָס ווערט אויסגעשפינען פון דינעם אויגנגאָלד און די העכסטע תליה ביזטו אַליין, מיין שלאַנקע טאָכטער, — אַ ברכה אויף דיין שיינעם קאָפּ!

# וואַנדערלוסט.

ליב האָב איך צו זיצן אינדערהיים און האָב איך זומערצייט
אַ וואָך פעריען, ווייס איך נישט וואָס צו טון מיט זיך.
אָבער דאָס וואָרט געפעלט מיר: וואַנדערלוסט!
קלינגט שיין.
וואָס דאַרף מען מער?
זענען דען נישט אַלע ווערטער אינהאַלטסלאָז און די שפּראַך
אַ גוט מיטל צו מאַכן זיך אומפאַרשטענדלעך?
דוכט זיך עמעץ האָט עס שוין געזאָגט אַמאָל.
וו אַ נ ד ע ר ל ו ס ט — ס'אַ מוזיקאַליש, געפליגלט וואָרט,
וואָס טראָגט מיך אַוועק ווייט פון הויז און טאָג־טעגלעכע געשעפטן.
בין איך אין דער הויך.
אַן אָדלער פּיקט עפּעס אַ שרעקלעכן רויב פויגל די אויגן
אויס — כ'ווייס נישט פאַרוואָס.
און דאָך בעסער אַזוי.
שענער איז שטאַרבן אין פעלד פון מידקייט איידער אין
בעט פון פוילקייט.
וואַנדערלוסט! וואַנדערלוסט!
עמעצער האָט אויסגעשפּרייט פליגלען ווייסע און איך
פלי ווייט — — —
איך שפּיי אַראָפּ אויפן שפּיץ פונם באַרג קילי מאַנזשאַראָ.

## נאָכמאָל — אַ שיף

ווייט אויפן האָריזאָנט ציט אַ שיף.
ווי וואָלט איך וועלן וויסן ווער די שיפסלייט זענען!
און צי האָט דער קאַפּיטאַן גאָלדענע פּאַסן אויף די הויזן?
און ווו שטעלט ער זיך אָפּ, אַז ער וויל זינדיקן?
גיט עס אַזעלכע אינזלען?

די שיף זעגלט און זעגלט אַלץ ווייטער אויפן שמאָלסטן פּאַס הימל. דאָרט ווו דער [illegible] פלאַכט זיך אויס און קושט דעם בלאָ־בלאָען ים.

אויפן ראַנד פון הימל זעגלט די שיף.
ווי פאַלט זי נישט אַראָפּ?

בלויז אַ רויך־לענטע, בלאָ און אונענדלעך־לאַנג ציט פון דעם שטומען קוימען־שטעקל. ווי אַ לאַנגע־לאַנגע פאָן פלאַטערט די רויך־לענטע אַריין אין הימל און מישט זיך צונויף מיט די וואָלקנס.

און די שיף ווערט אַ שיפל, און דאָס שיפל ווערט אַלץ קלענער און קלענער, אָבער דער פּאַס רויך האַלט זי צוגעבונדן צום הימל.

— — —

ווינשט מיין געליבטע נאָך אַ ציגאַר, אָדער הוסט זי שוין?

# דער טאָג.

לאַנג איז דער טאָג אויסגעצויגן (אַזוי ווי איך!) און ער האָט נישט וואָס צו טון (אַזוי ווי איך!) דרייט ער זיך אַרום לעבן מיין בעט און געגעצט און גענרצט (אַזוי ווי איך!)

וועק מיך נישט געליבטע.

דעם טאָג וועט מיר קיינער נישט צוגנבענען. ער וועט זיך אַרומבלאָנזשען אַזוי לאַנג ביז וואַנען עס וועט אים מיאוס ווערן, דאַן וועט ער אַהיימגיין שלאָפן. (אַזוי ווי איך!)

און ער וועט זיך שווערן, ביי אַלץ וואָס אים איז הייליק, אַז מער וועט ער נישט דערשיינען אויפן ערד־קוגל, אָבער ער וועט איבעראַנדערשן זיין מיינונג (אַזוי ווי איך!) און מאָרגן אינ־דערפרי וועט דער טאָג ווידער ארויסקריכן אַ פאַרשלאָפענער, אַ צעפיבערטער, און אַרומגיין איבער די קאָפּען מאַכן אַן איינדרוק־(אַזוי ווי איך!)

און פאַרנאַכט וועט ער ווידער מיד ווערן, און דער קאָפּ וועט אים ברענען ווי אַ פייער, און וועט זיך געבן אַ לאָז אַראָפּ הינטער די בערג, אַ פאַרצווייפלטער, אַ דערשלאָגענער (אַזוי ווי איך!)

און ווידער וועט ער זיך שווערן, אַז אַזוי זאָל אים גאָט העלפן ווי ער וועט מער נישט אויפגיין. און ווידער וועט ער רחמנות האָבן אויף דער נאַכט, וועלכע נעכטיקט נעבעך נישט אין דערהיים (אַזוו ווי איך!) און ווידער וועט ער זיך אַרומשלעפן איבער רויזנגערטנער און הערינגשטיבלעך און מיסטבערג, (אַזוי ווי איך!) און ווידער וועט ער גיין שלאָפן — אַ מידער, אַ צעבראָכענער, אַ פאַרבענקטער (אַזוי ווי איך!)

דער טאָג, דער טאָג! ברענג אים אריין אין שטוב אריין, געליבטע! נעם אָן פולע אויגן מיט טאָג און צעגיס עס אויף מיר אַזוי ווי אַ שוואַרצן רעגן.

נעם אָן אַ פול הארץ מיט זון, און ברענג עס מיר אין שטוב אריין. ווארים איך בין נישט קיין אַנטקעגנטאַנצער פונם טאָג.

איך בין נישט דער שמש פונם הייליקן פרימאָרגן, און נישט דער דיאקאָן פון דעם בלאָבלייכן, פארפרומטן פארנאַכט.

דער טאָג, דער טאָג! טאָג-טעגלעך איז טאָג, און טאָג און טאָג.

ווי דערעסן עס איז מיר שוין!

געליבטע מיינע, גיי ארויס און זאָג דער גאָטהייט דיינער, אַז איך בין איר מוחל דעם טאָג מיט דער נאַכט מיט אַלצדינג, איך וועל מיך שוין באַגיין אָן טעג און אָן נעכט.

לאָז זי נישט מיינען, אַז זי טוט מיר אַ טובה, די גאָטהייט דיינע!

## וואָס מיינט איר דאַמיט?

ער זאָגט צו מיר:

איך פֿאַרשטיי נישט וואָס איר שרייבט.

וואָס מיינט איר דאַמיט, אַזוי און אַזוי?

איך ענטפֿער אים:

מיין ליבער מענטש, איך מיין דאַמיט פֿאַרשידענע זאַכן, און נאָך פֿאַרשידענערע און גאָר די פֿאַרשידנסטע.

איך ענטפֿער אים:

אָפֿט מיין איך זייער דייטלעך, ליבער פֿריינט, אָבער נאָך אָפֿטער פֿאַרשטיי איך נישט וואָס איך מיין. אָבער איך פֿרעג נישט ביי אייך: ליבער לעזער, וואָס מיין איך דאַמיט וואָס אַזוי און אַזוי?

אויב איך פֿאַרשטיי וואָס איך שרייב — איז גוט, אויב נישט, שרייב איך סיי־ווי־סיי.

און איך מיין אַבסאָלוט גאָרנישט דערמיט, מיין טייערער!

און אַך! — זאָג איך — ווען מיין געשריפֿטס זאָל זיין די איינציקע זאַך אין דער וועלט וואָס איז מיר נישט קלאָר.

פֿאַרהאַן גרעסערע זאַכן וואָס זענען מיר נישט קלאָר, און אויך קלענערע.

נאָר איך פֿרעג נישט ביי קיינעם, בין נישט אויפֿגערעגט אויף קיינעם און איך שרייב נישט קיין פּראָטעסטן צו דער גאָטהייט.

ווען גאָט האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט ער

באַשאַפן אַ וועלט. ווען איך האָב נישט וואָס צו טאָן, ענטשאַף איך די דאָזיקע וועלט אויף אַזויפיל ווי עס ליגט אין מיינע כוחות.

פאַרשטייט איר עס?

ניין, איר פאַרשטייט נישט. אָבער איך פרעג אייך נישט וואָס מיינט איר דאַמיט וואָס איר זענט אזוי קליינקעפיק, אַז איר פאַרשטייט נישט?

איך פרעג נישט וואָס מיינט איר דאַמיט, וואָס איר פרעגט מיך אַזוי אָפט:

וואָס מיינט איר דאַמיט?

איך פרעג נישט: וואָס מיינט אַזוינס גן-עדן, כאָלערע, עלעקטריציטעט, דער אָקעאַן, אַן ערד-ציטערניש, דער ליבער לעזער?

איך פרעג אייך נישט: פאַרוואָס פאַרשווענדט איר אייערע טעג-און-נעכט אויף נישט-צו-פאַרשטיין מיך, ווען איר קאָנט אין דער זעלבער צייט נישט-פאַרשטיין גרעסערע זאַכן, ווי צומבייַשפּיל דאָס לעבן, דער טויט, די ליבע, די פּלאַנעטן, דאָס זאַמד?

איך פרעג נישט: וואָס מיינט איר דאַמיט וואָס אייך איז אַלצדינק אַזוי אידיאָטיש-קלאָר, אַזוי באַנאַל-פאַרשטענדיק, אַזוי אייזליש-איינפאַך?

איך פרעג נישט: וואָס מיינט איר דאַמיט וואָס איר זענט אַזוי גרינטלעך-אומוויסנד, אַז איר ווייסט אַזש אַלצדינק.

איך פרעג נישט: וואָס מיינט איר דאַמיט וואָס איר כאַכאַקעט איבער דעם נאַרישסטן וויץ, וואָס איר וואַלגערט זיך אין אַ זומפּ פון פאַרשימלטע ווערטער, וואָס איר שווימט אין אַ ים פון האַרצטרוקנקייט (אַ שווער וואָרט) און פון מיטל-מיטל-מיטל-מעסיקייט?

איך פרעג נישט: וואָס מיינט איר דאַמיט וואָס אייערע גייסטיקע יאַסלעס זענען אַזוי שרעקלעך יונג, אָדער אַזוי שרעקלעך אַלט, און איר קאָנט בלויז עסן — דירעקטע חכמות.

איך פרעג אייך נישט: וואָס מיינט איר דאַמיט וואָס איר טראָגט זיך אַרום מיט געפּגרטע פּראַזן, ווי מיט טויטע קעץ?

איך פרעג אייך נישט: וואָס מיינט איר דאָמיט וואָס איר זענט נישט איינשטימיק מיט מיר? און איך דערצייל אייך נישט, אַז איך בין אויך קיינמאָל נישט איינשטימיק מיט מיר אַליין!

איך פרעג אייך נישט: וואָס מיינט איר דאָמיט וואָס איר האָט געדולד פאַר אַלע דומע האַלבע קלוגהייטן פון די נאָכמיטאָג־דענקער, און פאַרוואָס איר פאַרשטייט נישט די קלוגע נאַרישקייטן פון אַ געלאַנגווייליקטן מענטש?

דער שפּיגל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט און געזען, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו זען: דער ליידיקער שפּיגל.

דער שפּיגל וואָס גלאַנצט —
בלאָ קעגן הימל.
רויט קעגן דער זון.
שטראָמיק קעגן וואַסער-שטראָם.
גרין קעגן די ביימער.

דער שפּיגל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט און געזען —

אַז זיין גאַנצע אָפּשפּיגלונג איז נישט זיינע, נאָר עמעצן אַנדערשס.

אַז עמיצער, אַ פרעמדער, מוז שטיין צווישן אים און זיין אָפּשפּיגלונג און אים געבן פאַרב, אינהאַלט.

אַז אָן דעם פרעמדן אויג, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין אים איז ער — דער שפּיגל, בלינד און שטום און טויט.

דער שפּיגל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט און ער האָט געזען, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו זען.

און דער אַלצאָפּשפּיגלענדיקער שפּיגל איז אומעטיק געוואָרן.

## שנעלע בעלי־מלאכות

מיינער אַ חבר מיטן נאָמען ה. ה. וועט מיר איבעראַכטאָג פֿרייטאָג, אַז מ'עט דערלעבן מיט געזונט, אַריינשיקן דורך פּאָסט די פֿאָלגנדע געשיכטע:

איך האָב מיר געוואָלט בויען. אַ הויז. האָב איך מיר אָנגעגרייט די נויטיקסטע מאַטעריאַלן, מאַטעריאַלן. אַלץ וואָס מיר האָט געפֿעלט איז געווען: בעלי־מלאכות, בעלי־מלאכות.

האָב איך געטראָפֿן אַ גוי אַ בוימייסטער. אַ בוימייסטער. האָט יענער גערעכנט דריי טעג, דריי טעג, און מיר געזאָגט, אַז די אַרבעט וועט מיך קאָסטן צוויי טויזנט מיט ניין דאָלאַר מיט ניין־און־אַכציק סענט. איז דאָס געווען פֿאַר מיר צופֿיל, צופֿיל. האָב איך געשיקט נאָך אַ יידישן קאָנטראַקטאָר — אַ יידישן. האָט ער נישט לאַנג געקלערט, און אַפֿילו נישט באַרעכנט אויף פּאַפּיר, נאָר גלאַט אַזוי אַרויסגעזאָגט, אַז ער וועט מאַכן די גאַנצע אַרבעט פֿאַר זעקס הונדערט קאַרבן — פֿאַר זעקס הונדערט קאַרבן, און ער האָט טאַקע באַלד צונויפֿגעפּייפּט אַ פּאָר טוץ יידן פֿון עסעקס קאָרנער העסטער מיט אַלערליי קאַשקעטן און געצייג און מען האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, צו דער אַרבעט.

עטלעכע יידן האָבן — אויפֿן באַפֿעל פֿון זייער ק אָ נ ט ר אַ ק ט אָ ר — אויסגעמאָסטן דאָס שטיק ערד מיט אַ שניידערשן אַרשין, דאַן האָבן זיי אָפּגעצייכנט די געוויסע ערטער

מיט דעם שאַרף פון זייערע שיך-קנאַפּלס און מען האָט זיך געשטעלט בויען — האָט מען זיך געשטעלט.

— יידן, לאָז מען זיך אַ נעם טאָן צום פונדאַמענט — לאָז מען זיך! — האָט באַפוילן דער הויפּט-בוי-מייסטער, אַ הדרת-פּנימדיקער ייד מיט אַ ריפּסן אויבעררעקל.

באַלד האָבן זיך עטלעכע יידן צעוויינט, אָנגעשפּיגן אין די הענט און גענומען — מיט די נ ע ז ע ר פון זייערע שיך אויסקאָפּען אַ פונדאַמענט...

אין אַ האַלבער שעה אַרום האט דער הדרת-פּנימדיקער בוי-מייסטער געגעבן אַ באַפעל:

— פּלענטי גענוג געגראָבן יידן! איצט גיט זיך אַ נעם בויען די ווענט...

— און וואו׳טינעמען וואַפּנע און צעמענט? — האָט גע-פרעגט איינער פון די שנעלע בעלי-מלאכות...

— וואַפּנע און צעמענט? — האָט איבערגעפרעגט דער הדרת-פּנימדיקער.

— שאַ, ווו׳טינטאַקע נעמען וואַפּנע און צעמענט? ס׳איז אים גאָר אַרויס פון מוח — מאַכט ער — אַז מען דאַרף האָבן וואַפּנע און צעמענט. נאָר וואָס-זשע דען —

— נאָר וואָס-זשע דען? — זאָגן אים נאָך די בעלי-מלאכות.

— נאָר וואָס-זשע דען, זאָגט ער — מ׳איז דאָך עפּעס יידן, איז׳ן דאָך עפּעס. ׳עט מען זיך געבן אַן עצה — ׳עט מען זיך. מ׳עט קלעפּן מיט טריפּוואַקס... ׳עט מען קלעפּן. ער האָט ביי זיך אַ שאַכטל טריפּוואַקס...

אין פינף שעה אַרום איז געווען צונויפגעטריפּוואַקסט פיר ווענט און די שנעלע בעלי-מלאכות האָבן זיך גענומען לייגן דעם דאַך, מיט גרויס בריהשקייט, נאָר אנשטאָט צו לייגן מיטן פּנים אַרויף, האָבן זיי געלייגט דעם דאַך — פאַרקערט, אויף דער לינקער זייט, הייסט דאָס...

אַז איך בין געקומען צוגיין פאַרנאַכט זען, ווי ס׳האַלט מיטן בויען, האָב איך צו מיין גרויס וווּנדער דערזען, אַז דער דאַך איז שוין געלייגט און אַז צוויי יידן טראָגן שוין — אויף

די הענט — אַ פרישן קוימען און מ׳וויל אים ערגעץ ווו־נישט־איז אַוועקשטעלן...

— מיסטער, שטעל איך אָפּ דעם הדרת־פּנימדיקן בוי־אונטערנעמער — מיסטער, וואס האט איר מיר איבערגעקערט דעם דאַך — וואס האט איר מיר?... איר האָט דאָך אים, זאָג איך, געלייגט אויף דער לינקער זייט...

— טאַקע? — פאַרחידושט זיך דער ייד — מיר האָבן אים געלייגט אויף דער לינקער זייט? ווי קומט עס?

— טאַקע, זאָג איך, ווי קומט עס?

— נו, מאַכט דער ייד און גלעט זיך די שיינע, די יום־טובדיקע באָרד — פאַרפאַלן. לאָז שוין, מאַכט ער, בלייבן ווי עס איז, מ׳עט זיך — מאַכט ער — נישט גיין באַדערן... אַ חוץ דעם — מאַכט ער — מאַכן מיר אייך די אַרבעט פלענטי געבוג ביליק... קען מען נישט זיין פּריטיקלע — קען מען נישט...

— און ווו׳טיר שטעלן דעם קוימען? — פרעג איך — און ווייז אָן אויף די צוויי יידן וואָס טראָגן דעם קוימען אויף די הענט און ווייסן נישט אויף וועלכן אָרט אים אָפּצולייגן.

דער גרויסער בוי־מייסטער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, אונטערגעבויגן מיט דער לינקער זייט פון דער רעכטער האַנט אַ שפּיץ פון זיין בית־המדרש הגדולדיקער באָרד און געזאָגט:

— מיטן קוימען איז טאַקע אַ ביסל טראָבל... אויפן דאַך — מאַכט ער — קען מען אים נישט שטעלן, ווייל ער׳ט אַראָפּפאַלן, וועט מען אים מוזן — מאַכט ער — האַלטן אין שטוב...

— וואָס טויג מיר, זאָג איך, דער קוימען אין שטוב, אַז איך דאַרף אים גאָר האָבן אויפן דאַך...

— אַקוראַט אויפן דאַך?! — איז דער בוי־מייסטער מבטל מיין טענה — ווײַלע וואָס איז? — מאַכט ער — באשר די גוים האָבן זיך געמאַכט אַ מאָדע צו שטעלן די קוימענס אויף די דעכער דאַרפן זיי די יידן נאָכטאָן... ס׳איז בכלל, זאָגט ער, אַ גוישער מנהג... אַ חוץ דעם, מאַכט ער, איז גלאַט נישט פּראַקטיש צו לאָזן אַזאַ קוימען שטיין אין דרויסן... עס איז, זאָגט ער, צו אַ ט י י ע ר ע ר קוימען...

— אָבער — טענה איך — ס'דאַרף דאָך זיין פונוואַנעט אַרויסצולאָזן דעם רויך פון שטוב, צי ניין?

— וועלל, מאַכט דער גרויסער אַרכיטעקט — וואָס שייך דעם רויך קען מען אים אַרויסטרייבן פון שטוב מיט אַ יאַר־מולקע... נאַט אייך, זאָגט ער, טאַקע מיין יאַרמולקע, און לאָז, זאָגט ער, זיין געצעטלט אַ ביזנעס. ווי מ'זאָגט, זאָגט ער, באַנאַך אין אַמעריקע...

און זיך ווענדנדיק צו זיינע אַרבעטער, מאַכט ער: יידן, מ'עט שוין היינט נישט קענען פינדישן ס'הויז... ס'איז שוין צו שפּעט... מיר'ן עס אָפּלייגן אויף מאָרגן... און אגב, זאָגט ער, ווער פון אייך יידן איז אַ פּלאָמבער? סע וואָלט געווען נישט שלעכט, מאַכט ער, אַז די פּלאָמבינג זאָל געמאַכט ווערן פון אַ פּלאָמבער — האַ? — ווענדט ער זיך צו די אַרבעטער — וואָס זאָגט א י ר?

— מיר זאָגן, רופן זיך אָן די בכּבודע יידן מיט א יי ן קול — אַז ס'איז אַלץ נ אָ נ ס ע נ ס ש ב נ אָ נ ס ע נ ס. מיר האָבן שוין, מאַכן זיי, אין אונזער לעבן געטאָן וואַזשנערע זאַכן ווי פּלאָמבעריי...

— מיינט איר־זשע, הייסט דאָס, — רופט זיך אָפּ דער בוי־מייסטער — ס'איז אַ לאַוו דווקא, אַז אַ הויז מוז געפּלאָמבערט ווערן פון אַ פּלאָמבער? אויב אַזוי, מאַכט ער, קענט איר גיין אַ היים און קומען אי"ה מאָרגן גאַנץ פרי, כּלחוך, און האָט זיך מיר דערווייילע, מאַכט ער, אַ גוטינקע נאַכט. גודנייטאָל! און ער פאַרשווינדט.

צו מאָרגנס איך קום צוגיין צום הויז זע איך ווי דריי יידן גראָבן די ערד לעבן מיין הויז מיט שרויפנציער און די איבעריקע יידן זענען באַשעפטיקט מיט אַרויפקלאַפּן אין פראָנט פון מיין הויז עפּעס מאָדנע פייערסקעיפּס, וואָס זענען געמאַכט פון רויטע פאַפּנדעקלעך... און מיין הדרת־פּנימדיקער שטייט אין דער זייט, און מאַכט זיך — מיט דער האַנט — אַ ציגאַרעטל פון יוראָפּשן טאַבאַק...

— מיסטער, זאָג איך צו אים — וואָס הערט זיך מיטן הויז? ווי בויט זיך עס?

אַ דאַנק! — מאַכט דער ייד, און לעקט־אָפּ בשעת־מעשה די ברעגעס פון ציגאַר־פּאַפּיר — סע גייט, מאַכט ער, דאַנקען גאָט, ווי געשמירט. מיר האַלטן שוין, מאַכט ער, ביי די פייער־סקייפּס... איצט, מאַכט ער, דאַרף מען נאָך אַ לייג טאָן די פּלאָמבינג, וועט שוין זיין אי"ה אַלצדינק פּאַרטיק... אגב, זאָגט ער, איר זעט יענע דריי יידן, וואָס גראָבן די ערד מיט שרויפּנ־ציער?... דאָס גראָבט מען, מאַכט ער, די וואַסער־לייטונג...

— פאַר וואָס־זשע גראָבן זיי נישט מיט קיין רידלען? — פרעג איך — פאַרוואָס עפּעס מיט שרויפּנציער?

— דאָס איז דערפאַר, מאַכט ער, ווייל די דאָזיקע דריי יידן זענען בעסער איינגעטרייעט, מאַכט ער, צו אַרבעטן מיט שרויפּנציער, ווי מיט רידלען. זיי זענען, מאַכט ער, שניידערס... טייערע שניידערס, מאַכט ער, ווי גאָלד... דעם דאַך, מאַכט ער, האָבן זיי א ו י ך געלייגט... גאָלדענע הענט — מאַכט ער און ווייזט אויף די דריי יידן — אַלצדינק קענען זיי... און זיי אַר־בעטן, מאַכט ער, זייער שנעל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער סוף איז געווען (אַזוי ווי עט ענדיקן מיין חבר ה. ה., וואָס וועט מיר איבעראַכטאָג פרייטאָג, אַז מ׳עט דערלעבן, צו־שיקן די אויבנדערמאָנטע הומאָרעסקע), דער סוף איז געווען, אַז דאָס הויז האָט מיך טאַקע געקאָסט זייער ביליק, זייער ביליק, דערפאַר אָבער האָט עס געהאַט אַ שטיקל חסרון, אַ שטיקל חסרון. אַזוי גיך ווי דאָס הויז איז אינגאַנצן פאַרטיק געוואָרן, פאַרטיק געוואָרן, איז אָנגעקומען אַ לייכט שטורמווינטל און האָט עס אַוועק־געטראָגן, אַוועקגעטראָגן... און ביז היינטיקן טאָג האָב איך נאָך נישט געפונען מיין פּראַכטיק הויז, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון שנעלע בעלי־מלאכות, פון שנעלע בעלי־מלאכות...

# די עסטאַבּאַנאַניסטן

אַן אויסגעטראַכטע מעשה, וואָס ס'איז אין איר נישטאָ קיין וואָרט אמת.

מען האָט מיר איינגעשמועסט, אַז איך זאָל קויפן „סטאָק" פון אַ געוויסער קופּער-געזעלשאַפט. איך און — „סטאָק" זענען אייגנטלעך נישט קיין נאָנטע פריינט, מען קען זאָגן: גאָר ווייטע קרובים, אָבער אַזוי ווי עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מאַכן אַ פאַרמעגן (אַזוי האָט מיר דער אַגענט איינגערעדט!) בכן, האָב איך גענומען מיינע פאָר הונדערט דאָלאַר, זיי אַריינגעוואָרפן אין „סטאָק" און געוואַרט אויף די מינוט, ווען אַ שליח וועט מיר קומען אָנזאָגן:

— איך האָב די ערע צו מעלדן, אַז איר זענט שוין ענדלעך אַ מיליאָנער — דאַנקע שיין!

האָב איך געוואַרט. געדולדיק געוואַרט. האָפנונגספול געוואַרט. געוואַרט, אַז אָט-אָט וועט זיך אַ הויב טאָן די בערזע און איך וועל ווערן איינער פון די גרויסע מיליאָנערן — איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן פאַר דעם אויסדרוק.

דער „סטאָק" מיינער האָט געצאָלט אַ דיווידענד פון צען פּראָצענט און האָט געקאָסט פינף הונדערט דאָלאַר אַ „שער". איך האָב געקויפט פינף „שערס", אָדער „שערן", פאַר פינף-און-צוואַנציק הונדערט דאָלאַר, מער האָב איך נישט געהאַט, אַז נישט וואָלט איך געווען געקויפט נ אָ ך. וואָרים,

ווער קען מיך צוריקהאַלטן פון מאַכן מיליאָנען אויף אַ פּיינעם, ערלעכן און ציכטיקן אופן? האַ?

אָבער מערקווירדיק — אָדער בעסער געזאָגט: ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַזוי גיך ווי איך האָב איינגעהאַנדלט מיין „סטאַק", האָט ער גענומען זינקען... פאַלן... און אַזוי איז ער געפאַלן און געזונקען פון טאָג צו טאָג. דאָס פאַלעניש פון מיין „סטאַק" איז געווען אַזוי שנעל און אַזוי טיף, אַז איך האָב עס קוים געקענט כאַפּן מיטן אויג. צי אין דרויסן האָט געפּעגנט, צי עס האָט געשיינט די זון — מיין „סטאַק" האָט זיך געטאָן זיינס: ער איז געפאַלן...

איך בין אַוועק צו מיין מעקלער און אים געזאָגט:

— מיסטער, וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם פאַלן, וואָס מיין „סטאַק" פאַלט?...

און ער האָט מיר געענטפערט פאָדראָבנע, אַראָפּשנעלנדיק בשעת-מעשה מיט אַ פינגער די אַשעס פון זיין פיינעם ציגאַר:

— די איצטיקע לאַגע איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע. דאַרין איז שולדיק — בראַזיליע...

און ער האָט מיר דערקלערט, אַז אַזוי ווי די בראַזיליאַנישע לאַגע איז איצט אַ שווערע, די באַנאַנאַס זענען דאָרטן נישט געראָטן, רופט זיך דאָס נעמלעך אָפּ זייער שלעכט אויף דער קופּער-אינדוסטריע, און פאָלגלעך אויך אויף אונזערע קופּערנע „שערס" אָדער „שערן".

הייסט עס אַלזאָ — האָב איך געזאָגט צו זיך — אַז מיין גאַנצער שיקזאַל איז איצט אָפּהענגיק פון בראַזיליע און פון אירע באַנאַנאַס. גוט. איך וועל אַלזאָ האַלטן אַן אויג אויף בראַזיליע און זען וואָס איך קען טאָן צו פאַרבעסערן די לאַגע פון אירע באַנאַנאַס!

אַזוי האָב איך געטראַכט. אָבער דער „סטאַק" האָט זיך געטאָן זיינס: ער איז געפאַלן מיט אַ מערקווירדיקער שנעלקייט. צוערשט מיט אַ פינף פּראָצענט, דאַן זעקס, דאַן זיבן —

און א. וו. ביז ענדלעך איז אראפגעקומען אויף פינף-און-דרייסיק פראצענט בילּיקער ווי איך האב געקויפט.

איך האב גענומען ארומגיין צווישן די פושקארט-פעדלערס און זיך נאכפרעגן אויב זיי קויפן באנאנאס און וויפל? און אויב יע, צי קויפן זיי די בראזיליאנישע יאטן, מיט די געפלעקטע בייכלעך, ווי יאשטשערקעס...

די פעדלערס האבן מיך אנגעקוקט מיט גרויס סימפאטיע און מיר ס'רוב געענטפערט, אז די ביזנעס זענען אין דר'ערד, ווי א בארג, און וואס שייך בראזיליע מיט אירע באנאנעס, מעג זי זיך אנצינדן ווי א ליכט...

— פארוואס?

— גלאט אזוי. אן שום אורזאכע...

אז איך האב דאס דערהערט, בין איך אוועקגעלאפן צו מיין מעקלער און אים געזאגט:

— בראזיליע מעג ברענען ווי א ליכט — פארקויפט מיין „סטאק", און לאז דאס נעמען א סוף!

ער האט אבער געזאגט:

— ווייסט איר, וואס איכל אייך זאגן? איצט איז די ריכטיקע צייט צו קויפן פרישן „סטאק". פאלגט מיך און קויפט צו נאך א דריי-פיר שערס, וועט איר נתעשר ווערן.

— היינו, וואס איז דער שכל?

— דער שכל איז — מאכט ער — אז באנאנאס מוזן ענטווע-דער געראטן, אדער נישט. אויב זיי געראטן נישט, דאן האבן מיר שלעכטע באנאנאס און דער „סטאק" פאלט, אויב עס געראט, דאן —

— דאן פאלט ער סיי-ווי-סיי! — העלף איך אים ארויס...

— חכמות אין א זייט! — מאכט ער — ווארפט אריין נאך א פאר טויזנט דאלאר אין „סטאק". וואס קענט איר פארלירן?

איך האב אים אנגערופן מיט א געוויסן נאמען און בין אוועק.

און מיין „סטאַק" האָט זיך דערוויילע געטאָן זיינס: ער איז געפֿאַלן...

אין אַ משך פֿון עטלעכע חדשים איז ער אַרונטערגעקומען אויף פּופּציק פּראָצענט פֿון דעם פּרייז, אויף וועלכן איך האָב געקויפֿט, און איך האָב גענומען זיך שטאַרקער פֿאַראינטערעסירן אין — בראַזיליען און אין באַנאַנאַס. צום טייוול! וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שנאָרערישע מדינה — דאָס בראַזיליע? און פֿאַרוואָס איז זי כּסדר אין אַזאַ געדריקטער לאַגע?

אַזוי האָב איך געטראַכט. אָבער ביי טראַכטן אַליין איז דאָס נישט געבליבן. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך מוז עפּעס טאָן דירעקטס, אום צו העלפֿן פֿאַרבעסערן די לאַגע פֿון מיינע בראַזיליאַנישע ברידער און דורך זיי — אויך די צרה־דיקע לאַגע פֿון מיין „סטאַק", וועלכער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צו דער לעצטער שטופּע.

צו דיזן צוועק האָב איך אָרגאַניזירט אַ פֿאַריין מיטן נאָמען „די באַנאַנאָפּילן". דער צוועק פֿון דיזן פֿאַריין איז געווען צו זען, אַז יעדער מעמבער זאָל עסן אַזוי פֿיל באַנאַנאַס ווי מעגלעך, און אויב מעגלעך נאָך אַ ביסל מער.

אַ נאָבעלער צוועק!

אין דער צייט פֿון עטלעכע וואָכן זענען זיך די באַנאַנאָ־פּילן עטלעכע מאָל צונויפֿגעקומען אין אַ קעלער ווו מען קולטי־ווירט באַנאַנאַס, ווו מען „גרינט" זיי אויס הייסט דאָס. דאָרטן האָבן מיר זיך צוערשט גוט אָנגעשטאָפּט מיט די פֿעטע פּירות, דאַן האָבן מיר גענומען פֿילן שלעכט און אַגיטירן פֿאַר אויפֿ־הויבן אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג צו גונסטן דעם באַנאַנאָפּיליזמוס.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, און אפשר איז דאָס נישט איבעריק, אַז ס'רוב פֿון די מעמבערס זענען אַליין געווען „שער־האָלדערס" פֿון זעלבן „סטאַק" וואָס איך.

נאָך אַ חודש איז פֿאַראיבער. אונזערע באַנאַנאָפּילן האָבן דערווייל אויפֿגעהויבן אַ שטורעם אין דער פּרעסע, לְמאי מען עסט נישט קיין באַנאַנאַס? און לְמאי גיט מען נישט

די קראַנקע מענטשן עסן באַנאַנאַס אַנשטאָט אייער אָדער אַנ-אַנדער זאַך?

די דאָזיקע באַוועגונג, אונטערגעכאַפּט פון דער פּרעסע, האָט אָנגענומען געוואַלטיקע דימענזיאָנען, ווי מען זאָגט אויף דייטשיש. „עסטאַבאַנאַנאַ!" איז געוואָרן אַ שלאָגוואָרט, אַ פּאַראָלע. אַ קענצייכן צווישן לאַדזשענברידער, די „עסטאַבאַ-נאַנאַ" באַוועגונג, האָט זיך ווי אַ גרויס וואַלד-פייער אויסגע-שפּרייט און אַרומגעכאַפּט ס'גאַנצע לאַנד. אין אַלע וואָדעוויל-הייזער האָט מען געזונגען „עסטאַבאַנאַנאַ"! אַלע פּאַנאָגראַפס האָבן עס געשפּילט, און גרויסע טענצערקעס, ווי די דאָנקאַן, האָבן דאס אויסגעטאַנצט באָרוויסערהייט, אין עטלעכע אקטן...

די גרעסטע מענער פון לאַנד זענען געוואָרן „עסטאַבאַ-נאַניסטן" אָדער באַנאַנאָפּילן. די פיינסטע דאַמען האָבן זיך נישט אַרויסגערירט פון הויז אָן אַ קוישל מיט באַנאַנאַס.

קורץ אונזער קליינע באַוועגונג האָט געבראַכט גרויסע פּרוכט. דער האַנדל מיט באַנאַנאַס האָט זיך אומגעהויער גע-הויבן, איז חשובער געוואָרן, אָבער צום „סטאַק" אונזערן האָט דאָס נישט געהאָט. ער האָט זיך געטאָן זיינס: ער איז זיך געפאַלן...

בין איך ווידער אַוועקגעלאָפן צום מעקלער צו מיינעם און געטענהט:

— סטייטש, וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם פאַלן וואָס מיין „סטאַק" פאַלט? גוואַלד, איך ווער דאָך בדלות — ווער איך דאָך!

און איך האָב גענומען קלאַפּן אויפן טיש — מיטן פויסט, אָט-אַזוי-אָ!

— שאַ! — מאַכט ער — וואָס שרייט איר אַזוי? — דאַנקען גאָט, בראַזיליע איז אָלרייט!

— צום טייוול מיט בראַזיליע! — זאָג איך — וואָס טויג מיר בראַזיליע, אַז איך ווער בדלות? און אַ חוץ דעם — זאָג איך — האָט איר דאָך עפּעס געזאָגט, אַז די גאַנצע אור-זאַכע, וואָס מיינע קופּער-אַקציעס זענען אַזוי געשלאָגן, איז

ווייל די בראַזילישע באַנאַנאַס האָבן דאָ אַ שלעכטן אָפּגאַנג. אָבער — זאָג איך — וואָס וועט איר איצט זאָגן? איצט — זאָג איך — בעת דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַרכאַפּט פון דער „עסטאַבאַנאַנאַ" באַוועגונג? האַ? ווי וועט איר איצט, זאָג איך, דערקלערן די אורזאַכע וואָס די קופּער-אַקציעס האַלטן אין איין פאַלן?

— וועל — זאָגט ער — ס'איז טאַקע שווער צו דערקלערן. נאָר ווען איך זאָל אים פאָלגן, זאָגט ער, וואָלט איך צוגעקויפט נאָך פאַר עטלעכע טויזנט דאָלאַר „סטאַק" — גלאַט אַזוי פאַר שפּעקולאַציע... וואָרים, זאָגט ער, אַזוי גיך ווי די אַקציעס וועלן אויפהערן צו פאַלן, איז כמעט זיכער, אַז זיי וועלן ענטוועדער בלייבן שטיין אויף אַן אָרט, אָדער זיי וועלן זיך געבן אַ הויב, און מען וועט, זאָגט ער, מאַכן געלט ווי בלאָטע...

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

דער סוף איז געווען, אַז די אַקציעס האָב איך קוים אַוועקגעפּטרט, מיט זעכציק פּראָצענט ריינעם פאַרלוסט, אַ חוץ טראָבל און אַ האַרץ-ווייטאָג. און אַלעס וואָס עס איז מיר געבליבן פון יענעם „סטאַק" איז אַ פאַרדאָרבענער אָ ר ג אַ נ י ז ם, פון עסן צופיל פון די פאַרפלוכטע באַנאַנאַס!...

# אַ יידישע טבֿע

א בילד, ווי זאָגט איר,
פון לעבן.

מיינער אַ לאַנדסמאַן דערציילט:

איך האָב געהאַט געעפנט אַ קענדי סטאָר אויף ריווינגטאָן סטריט. ווי האָב איך גענומען געלט? — זאָלסטו נישט פרעגן. איך האָב גענומען געלט דאָרט ווו אַלע יידן נעמען: ביי גאָט. איך האָב געשפּאָרט פון דעם, פון יענעם. אַביסל פון קליידונג, אַביסל פון שוכונג, אַביסל, ווי זאָגסטו, פון מויל, ביז איך האָב צונויפגעשלעפּט עטלעכע הונדערט דאָלאַר און געעפנט די סטאָרקע.

מילא, דאַרף איך דיר דאָך נישט דערציילן, ווי איך האָב זיך געפילט, אַז איך בין אין אַ מזלדיקער שעה אַרויס פון שאַפּ! איך האָב געפילט, ווי איינער וואָס מען לאָזט אים אַרויס פון עפּעס אַ שרעקלעכער תפיסה. איך האָב געפילט, אַז איך הויב אָן לעבן גאָר אויפס'ניי. די שיינע קראַנקהייט, וואָס איז מיר געקומען פון שאַפּ, האָט מיך איצט אָפּגעלאָזן. דער הוסט האָט אויפגעהערט מוטשען — עפּעס ווי דערשראָקן זיך פאַר דער שיינער סטאָרקע, די ליכטיקע לאָמפּן און די בלאַנקנדע מאַשינדלעך וואָס מישן די „מאָלטעד-מילק"... און די גרויסע סלאָיעס מיט פרוכט-איינגעמאַכטס און די ריין-אויסגעפּוצטע „שאָוקייסעס"...

קורץ, איך בין געוואָרן אַ נייער מענטש — אַ פרייער, אַ לעבעדיקער, אַ זעלבסטשטענדיקער.

אויס שאַפּ, אויס באָס, אויס פאָרמאַן — ווער איז צו מיר גלייך, איך בעט דיך? האַ?

אַז ס'איז אַוועק עטלעכע טעג און די ביזנעס האָבן זיך איינגעשטעלט און איך האָב אָנגעהויבן לעזן פאַר טרוקענע וואַרע אַזוי געשמאַק, רוף איך זיך אָפּ צו מיין פרוי: סערעה, עס גייט, דאַנקען גאָט, אויף אַ דרך! וועסט זען, זאָג איך, סערעה בראַט, אַז מיר וועלן זיך דאָ איה״ש מיט גאָטס הילף אַרויפאַרבעטן! די סטאָרקע, זאָג איך, איז, קיין עין-הרע נישט, אַ גאָלדענע סטאָרקע, און ווערליק, זאָג איך, אַן אָנפאַנג, איז דאָס ביסל גאָרנישט שלעכט,—אָבער גאָרנישט שלעכט!—זאָג איך.

זאָג איך אַזוי צו איר, און מיר קוועלן, ווי די קינדער און מיר שפּיגלען זיך אין דער סטאָרקע ווי עפּעס אַן אבן-טוב. עפּעס אַ קלייניקייט: דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבן, וואָס איך עס אַ שטיקל ברויט וואָס עס איז נישט באַשפּיגן פון קיינעם.

איז דאָך אָבער, ווי זאָגסטו, פאַרטאַן אַ יידיש פאָלק אויף דער וועלט. יאַוועט זיך צו מיר עפּעס מיטאַמאָל אַ ייד מיט אַ שאַרף פאַרשפּיצט בערדל, שאַרפע אויגן, אַ שאַרפן קאָפּ און... פול מיט עצות ווי אַ מילגרוים מיט קערלעך.

קומט אַריין, קויפט אַ באַקסל סיגאַרעטלעך מיט מעטשעס און פאַרפירט מיט מיר א שמועס וועגן סטאָר —— וויפיל נעם איך איין אַ טאָג, און וואָס פאר אַ מין לייזעכץ איז ביי מיר און אזוי ווייטער.

מיין איך, אַז ס'איז מסתמא עפּעס 'אַן אַגענטל, זאָג איך דעם אמת וועגן אַלצדינג.

הערט ער מיך גאַנץ פיין אויס, קנייטש אַלץ בעת-מעשה מיט אַן אויגל, און דאַן רופט ער זיך אָפּ צו מיר מיט אַ טאָן פון אייגעם וואָס מען איז אים שולדיק אַ סך געלט און מ'גיט עס אים נישט אָפּ:

— איך גיב אײַך העכסטנס אַ מאָנאַט צײַט אָנצוהאַלטן די סטאָרקע!

—און דאַן?—פרעג איך דערשטוינט איבער זײַן טאָן.

— דאַן, זאָגט ער, — וועט איר מוזן אַרויס פון ביזנעס, וואָרים דער סטאָר, מאַכט ער, וועט זיך נישט באַצאָלן. גוד-באַי!

און ער גייט אַוועק.

בלײַב איך שטיין און הייב אָן טראַכטן: וואָס איז דאָס פאַר אַ מין ייד וואָס זאָגט נביאות. און למאי זאָל איך מוזן אויפגעבן די ביזנעס, אַז די ביזנעס גיין אָן עין-הרע פײַן ווי געלד? נאָר פונדעסטוועגן הייבט שוין אָן שרעקן ס'האַרץ, ווער ווייסט? מסתמא איז דאָך עפּעס פאַראַן דערבײַ! אַ מענטש וועט דאָך נישט גיין גלאַט מיר מאַכן אַ שווער האַרץ, בפרט, אַז איך קען נישט דעם יידן און ווייס נישט ווער ער איז!

מילא, בקיצור: עס איז אַוועק אַ חודש צײַט, און די ביזנעס האָבן זיך קיין עין-הרע פײַן אַוועקגעשטעלט. די קלענסטע אײַננאַהמע וואָס איך האָב געהאַט איז געווען אַכצן דאָלאַר אַ טאָג. און לײַטע האָבן מיר שוין אָנגעבאָטן אויף אים צוויי טויזנט דאָלאַר פּראָפיט, נאָר איך האָב נישט געוואָלט פאַרקויפן.

אויף דער פינפטער וואָך יאַוועט זיך ווידער דער פאַרשפּיצטער ייד. קויפט ווידער אַ באָקסל סיגאַרעטס פאַר זיבן סענט מיט מעטשעס, פאַררויכערט זיך איינס, און נישט פרעגנדיק אפילו בײַ מיר וואָס איך מאַך, גיט ער אַ זיפץ און זאָגט:

— איך גיב אײַך נאָך העכסטנס צוויי מאָנאַט צײַט צו עקזיסטירן. אויב ד ר י י — איז שוין אַ סך

און ער גייט אַוועק.

מילא, דאָס מאָל האָב איך זיך שוין פאַר זײַן נביאות נישט דערשראָקן. אדרבא. עס איז מיר געפעלן געוואָרן דער עסק, ווי אַ פרעמדער ייד זאָגט מיר אַרײַן אין די ביזנעס... און ווי ער פּרוּווט טרעפן. האָב איך געלאַכט.

און דערווייל האָט זיך דער סטאָר געהאַלטן אין אײַנ־אַרויפאַרבעטן. איך און מיין פרוי האָבן פשוט נישט געהאַט קיין הענט און מיר האָבן געמוזט אַריינגעמען אַ מענטשן ער זאָל אונז אַרויסהעלפן אין די ביזנעס. און וועגן מיין יידן האָב איך שוין גאָר געהאַט פאַרגעסן.

פלוצים פאַלט ער אַריין, גייענדיק פון דער אַרבעט, הייסט זיך מאַכן אַ גלעזל „פליין", מיט אַ ביסל היימישן סירופ דערצו — פאַר אַ פעני, טרינקט זיך עס פאַמעליכקע אויס, דאַן לייגט ער איבער ס'אויסגעטוענע רעקל זיינס פון דעם רעכטן אָרעם אויף דעם לינקן (ס'איז געווען אַ הייסער טאָג!) און ער מאַכט צו מיר:

— מיסטער, איך האָב אויסגערעכנט, אַז איר דערלייגט צו אייערע ביזנעס ווייניקסטנס פערצן און אַ האַלבן דאָלאַר אַ וואָך. ס'אַ שאָד! איר זעט זיך דווקא, מאַכט ער, אָן צו זיין א ווויל מענטשל. העכסטנס וואָס איר קענט זיך נאָך דאָ מוטשען איז נאָך דריי חדשים — פאַרגרעסערט ער מיר שוין דעם טערמין — אָבער ס'איז נאָר אַן עבירה, מאַכט ער, וואָס איר מוטשעט זיך מיט דער סטאָרקע. ווייל, מאַכט ער, ס'איז אַ „טויטע פראָפּאָזישען"...

און ער גייט זיך אַוועק.

אָבער טראָץ דעם יידנס נביאות, טוט זיך דער סטאָר דערווייל זיינס — דאס הייסט ער וואַקסט אָן עין-הרע. דער טרייד ווערט אַלעמאָל גרעסער. מען באָט שוין פאַר איר זעקס טויזנט דאָלאַר און איך לאָז זיך אויס דערפון. וואָס טויג מיר פאַרקויפן, אַז איך ז ש ו י ב קיין עין-הרע.

אין אַ חודש אַרום באַווייזט זיך ווידער מיין ייד, טרינקט ווידער אויס אַ גלעזל „פליין" און בשעת טרינקן מאַכט ער צו מיר:

— איך האָב נעכטן אויסגערעכנט צוזאַמען מיט מיין פרוי, אַז איר האָט שוין דערלייגט צו אייער סטאָרקע איבער אַכט הונדערט דאָלאַר און אַז לענגער, מאַכט ער, ווי ביז קריסט-

מעס, אַז מען וועט דערלעבן, וועט איר נישט דערציען, איר׳ט מוזן, מאַכט ער, „באַסטען".

— זאָרגט נישט פאַר מיר, ליבער ייד! — לאָך איך שוין פון אים — איכ׳ל שוין, זאָג איך, ווי עס איז דורכקומען. אַ חוץ דעם, זאָג איך, וואָס גייט אייך אַזוי אין לעבן צי איך וועל עקזיסטירן צי נישט?

— אין לעבן? — מאַכט ער — עס גייט מיר נישט אין לעבן. עס ליגט מיר, מאַכט ער, אפילו נישט אין דער לינקער פיאַטע, איך זאָג עס בלויז.

— דאָס איז זייער שיין פון אייער זייט! — זאָג איך — אָבער אפשר, זאָג איך, וואָלט איר געקענט פאַרלענגערן דעם טערמין פון מיין סטאָרקיפּערשער עקזיסטענץ כאָטש ביז פסח?

— וועל, זאָגט ער, און קוקט מיך אָן ערנסט ווי אַ מצבה, — איר מיינט, אַז איך שפּאַס, אָבער איך שפּאַס נישט. ביי מיר, זאָגט ער, אַז איך זאָג אַ וואָרט איז דאָס געזאָגט. איך בין נישט, מאַכט ער, פון די יידן וואָס באַקאַקען גלאַט אין דער וועלט אַ ״ין.

— וואָס איז אייער מלאכה, אויב איך מעג פרעגן? — איז מי׳ אינטערעסאַנט צו וויסן דעם יידנס באַשעפטיקונג.

—איך אַליין, מאַכט ער, בין אַ באַטאָנהאָל-מייקער ביי פּענטץ...

— איר האָט מסתמא אַמאָל געהאַלטן אַ גרויסע קענדי סטאָר — פּרווו איך טרעפן, וואָס עס גיט אים דאָס רעכט צו רעדן וועגן מיינע ביזנעס מיט אַזאַ אויטאָריטעט.

— ניין, זאָגט ער, אין ביזנעס בין איך קיינמאָל נישט געווען. נישט אין קענדי ביזנעס און נישט אין אַנדערע. נאָר פונדעסטוועגן, מאַכט ער, און פּאַטשט זיך מיט דער האַנט אויפן שניפּסל, פונדעסטוועגן בין איך מער מבין אויף אַלער-ליי ביזנעס ווי די גרעסטע בראָקערס. אָט אַזאַ מענטשל, מאַכט ער, בין איך מיר.

— איז, הייסט עס, גיט איר מיר צייט ביז קריסטמעס?

— יעס! — מאַכט ער, קריסטמעס וועט איר מוזן פאַר-קויפן דעם סטאָר פאַר אַ שיבוש, אַבי פטור ווערן פון אַ צרה,

און ס׳איז זאָגט ער, אַ שאָד יעדע מינוט וואָס איר מוטשעט זיך דאָ אָפּ.

און ער גייט אַוועק און איך זע אים נישט ביז קריסט־מעס.

קריסטמעס קומט ער ווידער צוגיין, הייסט זיך געבן אַ „האָט־טשאָקאָלעד" פאַר צוויי פעניס, טרינקט עס אויס און מאַכט צו מיר:

ווייסט איר, איך האָב נעכטן אויסגערעכנט צוזאַמען מיט מיין פרוי, און ביז היינטיקן טאָג האָט איר שוין באַגראָבן אין דער דאָזיקער סטאָרקע גענויע איין און דרייסיק הונדערט דאָ־לאַר — אַ חוץ געזי־

— ווי אַזוי האָט איר דאס אויסגערעכנט?—פרעג איך.

— אָט, זאָגט ער, איז דער חשבון! און ער ציט אַרויס אַ שטיק פּאַפּיר מיט ציפערן — ביי מיר, מאכט ער, גייט דאָס נישט גלאַט אַזוי. ביי מיר איז אַלעס אויסגערעכנט אויף דער פעני. וויפל מיינט איר אַ שטייגער — ווענדט ער זיך צו מיר — האָט איר ביז היינט פאַרלאָרן אין סיגאַרעטס אַליין?

— אפשר הונדערט דאָלאַר! — וויל איך טרעפן.

— מער. אַ סך מער, פאַרזיכערט ער מיך. איר האָט ביז היינט, מאַכט ער, פאַרלוירן אין סיגאַרעטלעך אַליין נישט ווייניקער ווי דריי הונדערט און צוויי און זעכציק דאָלאַר מיט פערצן סענט.

— און וויפל, פרעג איך, האָב איך ביז היינט פאַרלוירן אין... האָט־טשאָקאָלאַטס?

— האָט־טשאָקאָלאַטס?... מאַכט ער, און זוכט אויפן צעטל — ווו האָבן מיר עס?... הם... אָט איז עס... האָט־טשאָ־קאָלאַטס... עלף... איין־און־דרייסיק... זעכצן... דריי־און־אַכציק... רעכנט עס צונויף צוזאַמען, מאַכט ער, האָט איר, אַלזאָ, פאַר־לוירן אין האָט־טשאָקאָלאַטס הונדערט־אַכט דאָלאַר מיט עלף סענט...

—און וויפל האָב איך פאַרלוירן ביז היינט אין בלייפע־דערס? — וויל איך שוין וויסן גענוי מיין טרויעריקע לאַגע.

— בלייפעדערס... בלייפעדערס... — מאַכט ער, און זוכט מיטן אויג אויף זיין צעטל — בלייפעדערס... שאַ! אָט האָבן מיר עס... בלייפעדערס פיר הונדערט און זיבן דאָלאַר מיט אַכט סענט.

— און דאָס האָט איר אַלץ אויסגערעכנט זייענדיק אַ באָ־טאָנהאָלמייקער? — פרעג איך און ווייש אַרונטער אַ שמייכל פון מיינע וואָנצעס.

— נעווערמיין וואָס איך בין אַ באָטאָנהאָלמייקער! — געפינט ער זיך באַליידיקט פון מיין טאָן — איך רעד צו אייך, מאַכט ער, ווי אַ מענטש, און זאָג אייך אַקוראַט, ווי איר שטייט מיט אייערע ביזנעס... און איר מיינט, אַז איך מאַך זיך אַ שפּילכל... דער סוף, מאַכט ער, וועט זיין, אַז איך וועל אויף אייך אינגאַנצן אַ שפּיי טון און זיך אויפהערן אינטערעסירן אין אייערע ביזנעס. אָט וואָס, מאַכט ער, עס וועט זיין דער סוף!

מער איז ער שוין נישט געקומען, און אפשר איז ער יאָ געקומען, נאָר איך האָב אים נישט געזען, ווייל אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָב איך די סטאָר פאַרקויפט פאַר אַזאַ הויכן פּרייז ווי עלף טויזנט דאָלאַר!

## צווייערליי מעטאָדן

...פון דער פריערדיקער סטאָר וואָס איך האָב געהאַט אין אַ קריסטלעכן געגנט בין איך געוווינט געווען צו באַהאַנדלען אַ קאָסטימער פיין, אָנשטענדיק, מיט אַ געוויסער מאָס רעספעקט און העפלעכקייט. וואָרים, לאָמיר זיך נישט נאַרן, ווער ווייסט עס — ביי גוים — גייען קויפן אין אַ סטאָר וווּ מען באַהאַנדלט אים נישט מיט העפלעכקייט?

האָב איך געמיינט, אַז אויף דער איסט סייד איז אויך אַזוי. וואָס זאָל איך וויסן? איך האָב קיינמאָל נישט געהאַנדלט מיט יידן.

...אַז איך האָב אַלזאָ אָפּגעקויפט די גראָסערי אין מענדזשין סטריט האָב איך אויפגעפּיקסט אַ סטאָרקע, אַז זי האָט געטאַנצט: ריין, ציכטיק, אַ מחיה אַריינצוקומען. יעדער מין שפּייז-קעסטל פאַרדעקט פון מייז און אַנדערע שרצים. די פּאַפּירענע שקאַרמיצן פיין אַרומגעהאָנגען אַרום דער שטאַנג איבערן „קאַנטער". די „טעלער" פון די וואָגשאָלן אויסגעוואַשן און אונטערגעלייגט דיקע פּאַפּיר. און איך אַליין — קענסט דאָך מיך! — האָב זיך אָנגעטון די פּינקענע פּאַפּירענע מאַנדזשעטן אויף די הענט, און דאָס יום-טובדיקע ביזנעס-שמייכעלע אויפן פּנים, און איך וואַרט אויף ש פ ע.

באַלד הייבן אָן קומען די פּרויען, באַגריס איך יעדע מיט אַ פיין שמייכעלע. פרעג וואָס ווילן זיי. „אַטענד" צו זיי שנעל, פאַרגעס נישט צו זאָגן יעדעס מאָל „טהענקיו" און „מאַ-

טשאָבליידזשט" און „קאָלל-עגעין — פּליצז", — ווי איך בין געוווינט געוואָרן צווישן די גוים...

איך זאָל וויסן, אַז דאָס וועט זיין מיין ד ע ר ק ו י ל ע-נ י ש — האָב איך נישט געוווּסט!

קיצור הדבר, עס גייט אַוועק אַ וואָך און צוויי און איך באַמערק, אַז מיינע קאָסטימער הייבן אָן ווערן שיטערער... קומען אַריין וואָס זעלטענער... און אַז זיי קומען שוין אפילו יאָ אַריין פילן זיי זיך עפּעס אַזוי פרעמד... אַזוי נישט-היימ-לעך... אַזוי — איך ווייס אַליין נישט וואָס!...

טראַכט איך: וואָס קען דאָ זיין? דוכט זיך וואַרע האָב איך גוטע. בין דאָך עפּעס שוין נישט קיין גראָסערי-מאַן פון היינט אָן. געהאַלטן-שוין ב"ה סטאָרס ווי ניו-יאָרק האָט אַן עק, און אין פיינע געגנטן, צווישן קריסטן, און אַלעמאָל האָט זיך געפירט, אַז מיט מיין פיינער באַהאַנדלונג פלעג איך וואָס אַ וואָך צוציען נייע קאָסטימער, און דאָ — איז פונקט קאַפּויר! וואָס, טראַכט איך, קען דאָ זיין פאַר אַן אומגליק?

רעד איך עס איבער מיט מיין פרוי — אַ קלוג ווייבל און האָט אויף זיך אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער! — רעד איך דאָס איבער מיט איר און פרעג זי: ווו קען דאָ ליגן די צרה? דוכצעך, מיר טון אַלעס וואָס מיר קענען צו זיין פריינטלעך און גוטמוטיק צו אונזערע קאָסטימער, און פונדעסטוועגן צערינט זיך ביסלעכווייז ס'גאַנצע ביסל מחיה!

זאָגט זי צו מיר: ווייסט וואָס איכ'ל דיר זאָגן, שימע? (איך הייס שימע) אַנו, זאָג איך, לאָמיר אדרבא הערן, גיב, זאָג איך, אַ זאָג עפּעס אַ גוטע זאַך, עפּעס אַ ריכטיקע עצה. איכ'ל דיר זאָגן, זאָגט זי, אַז ווערדליק נאָך מיין מיינונג און ווערדליק איך האָב זיך צוגעקוקט זענען די מענדזשין-סטרי-טער קאָסטימער נישט געוווינט צו אַזאַ פריינטלעכער באַהאַנד-לונג. עס איז צו גוייש, זאָגט זי, פאַר זיי. און מיין עצה, זאָגט זי, איז דעריבער, אַז מיר זאָלן, זאָגט זי, ווי מען זאָגט „איבערקערן ס'טעפּל" און זיי נעמען באַהאַנדלען מיט אַזאַ מי-

נע, ווי מיר וואָלטן זיי געטון די גרעסטע טובה מיט דעם דערלויבן זיי אַרייַנצוקומען אין אונזער סטאָר.

אָט־אַזוי־אָ, מיט די רייד!

זאָג איך: אָלרייט. לאָמיר פּרוּוון... וואָס קענען מיר אָנ־ווערן? אַז סיי ווי סיי, זאָג איך, וועלן מיר ב״ה באַלד מוזן אַרויס מיטן בייטשל, אויב ס׳וועט נאָך אַזוי אָנהאַלטן אַ שטיקל צייט.

אַזוי מיט אַ געלעכטער!

...קיצור המעשה: איך און אונזער פרוי האָבן גענומען אויספּירן אונזער נייעם „פּראָגראַם״. ערשטנס האָבן מיר כמעט ווי מיט די הענט אָפּגעווישט די שמייכלען פון אונזערע געזיכ־טער. אנשטאט דעם האָבן מיר אַרויפגעצויגן אַ בייזן אומעט. אַ מענטשפיינטלעכקייט און זויערקייט. באַלד האָט זיך באַוויזן דער ערשטער קאָסטימער — דער ערשטער אויף וועמען מיר זאָלן אויספּרובירן אונזער ניי־אַנטדעקטע טעאָריע. האָבן מיר אים אויפגענומען מיט אַ געניץ, איך האָב זיך געקראַצט אונ־טערן אויער מיטן העגטל פונם הילצערנעם פּוטער־לעפל, מיין פרוי האָט אויסגעקלאַפּט מיינס אַן אַלטן קאַפּעליוש איבער דעם פעסל מיט מילך און בסך־הכל זענען מיר געווען פאַר־נומען מיט זיך זעלבסט און זיך נישט אומגעקוקט אויף דער יידענע — גלייך ווי זי וואָלט געווען א גאָרנישט... אַ קאַק־רוטש... אַ הונט...

די קאָסטימערקע, זעענדיק, אַז מיר קוקן זיך אויף איר נישט אום, האָט זיך חלילה נישט געפונען באַליידיקט. אדרבא, זי איז אַליין צוגעגאַנגען צו דעם מולטער מיט זעמל, זיי גוט אַדורכגעקנאָטן מיט אירע ברודיקע פינגער, אַריינגעביסן אין אַן עפּעלע — וואָס איז געלעגן נישט ווייט צווישן אַנדערע עפּל־חברים, און געמאַכט די באַמערקונג:

„פע! חזירשע עפּל!״ דאַן איז זי איינע אַליין אַוועק צו די טאָמייטאָס, זיי אַרומגעטאַפּט און געמאַכט די זעלבע באַ־מערקונג וועגן זייער חזירשקייט. דאַן האָב איך זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, זי צוגעפירט צו דער טיר, זי דערלאַנגט אַ

זעץ אַרויס און איר נאָכגעשריען „קושנירקע!” „שייטעלע גנב!” אַזוי, אַז גאַנץ מענדזשין-סטריט זאָל הערן.

האָב איך דאָך געמיינט, אַז זי וועט זיך געפינען באַליידיקט? — ווייס איך וואָס! אין אַ שעה אַרום מיין יידענע איז ווידער דאָ. קומט אַריין שטיל ווי אַ קאָטינקע, ווי אַן אָפּגעשטראָפּטע, קויפט איין וואָס זי באַדאַרף, באַצאָלט און גייט אַוועק אַ צופרידענע, מיט אַ דאַנקבאַר שמייכעלע אויף די ליפּן.

זעענדיק, אַז מיין פּרייס „פּאָליסי” איז די ריכטיקע, האָב איך באַשלאָסן אויסצופירן זי אין איר פולער פּראַכט און גלאַנץ. און דעריבער, אַז עס האָט זיך באַלד באַוויזן נאָך אַ יינגע פרויקע מיט אַ מילך-קרוג אין האַנט, בין איך צוגעגאַנגען צו איר מיט גרויסע שריט, אַרויסגעריסן דעם „פּיטשער” פון האַנט, אָן שום וואָרנונג, אַריינגעפליוכעט אַ פּאָר קענדלעך ווייס-בלויע וואַסער, געפרעגט מיט אַ בייזער: „וואָס נאָך?” עפּעס אַזוי ווי די פרויקע וואָלט קעגן מיר באַגאַנגען דאָס גרעסטע פאַרברעכן, דערמיט וואָס זי איז אַריינגעקומען אין מיין סטאָר. דאַן האָב איך ביי איר כמעט אַרויסגעשלעפּט פון האַנט דעם פּאַפּירענעם דאָלאַר וואָס זי האָט געהאַלטן גרייט צו באַצאָלן, איר צוגעוואָרפן מיט אַכט סענט רעשטע ווייניקער ווי ס׳איז איר געקומען... און דערביי האָב איך געמאַכט אַ באַמערקונג וועגן די מענדזשין-סטריטער ווייבער בכלל, און וועגן די יינגע ווייבלעך בפרט, וועלכע זענען גרויסע קושנירקעס, און סע וואָלט נאָר געוואָלט ביי יענעם אַרויסנעמען די נשמה — וואָלט עס נאָר געוואָלט...

די זעלבע פרויקע — לאָמיר אייך פאַר איין וועג זאָגן — איז דעם זעלבן טאָג צוריקגעקומען עטלעכע מאָל און נאָך מיטגעבראַכט איר נעקסט-דאָריגע...

...צו די נעקסטע קאָסטימער האָב איך שוין איבערהויפּט גאָרנישט גערעדט. איך בין מיט זיי געווען ברוגז. און נישט נאָר גלאַט ברוגז — נאָר טאַקע מיט אַ מין רוגזה, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט טיפן, אומענדליכן האַס. איך האָב זיי

באַהאַנדלט ווי שונאים — געהוקעט אויף זיי, געשריען אַלע וויילע צו מיין פרוי, אַז זי זאָל האַלטן אַן אויג אויף די קאָסטימער, וואָרים מען שטעלט מיך בדלות — שטעלט מען מיך. ביי אַנדערע געלעגנהייטן פלעג איך באַמערקן צו מיין פרוי, אַז די מענדזשין-סטריטער ווייבער האָבן זיך געמעגט אָנצינדן ווי אַ פייער, איידער איך האָב זיי דערקאָנט... און אַז אויב גאָט וועט מיך אַמאָל אויפריכטן און איך וועל פטור ווערן פון די „חזירשע״ גראָסערי-ביזנעס, וועל איך אים אוודאי אָפּגעבן אַ שבח אַלע מינוט און אַלע רגע...

...אַ חוץ דעם שרייען און דעם געוואַלדעווען, וואָס מיר ביידע — איך און מיין פרוי — האָבן געשריען און איצט געוואַלדעוועט אויף די קאָסטימערקעס, און אַ חוץ די באַליידיקונגען, מיט וועלכע מיר האָבן זיי באַליידיקט, האָבן מיר אויך אָנגעהויבן אַריינגעמען די ערגסטע סאָרטן וואַרע. די זעקלעך מיט שפייז האָבן מיר איצט אויפגעדעקט און פריי געמאַכט פאַר די מייז, קאַקרוטשעס און אַנדערע הויז-טיערע. אין דער בלעכענער ק אַ ן מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר, אַרומגעלייגט מיט אייז, האָבן מיר פון צייט צו צייט אַריינגעקאַפּעט — מיט אַן אויל-קענדל — אַ פּאָר טראָפּן מילך, גלאַט אַזוי, פון שיינקייט וועגן... די פּוטער פלעגן מיר צוקאַלכן מיט צינקזאַלב... דעם לאַקס פלעגן מיר אַלע טאָג באַפאַרבן מיט רויטן טינט, און די גאַנצע סטאָר האָבן מיר געהאַלטן אַזוי שמוציק, ווי די „באָרדאָפּעל״ און דער סטריט-קלינינג-דעפּאַרטאַמענט האָט נאָר דערלויבט...

... און אָט אַזוי האָבן מיר זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַ פיינעם נאָמען. און איצט — הלוואי אָן מיין שאָדן אויף אייך געזאָגט געוואָרן — איצט האָבן מיר אַ האָלסייל-גראָסערי, און מיר ז ש ו י ב ן, קיין עין-הרע.

# דער גרויסער געשעפטסמאַן

צוערשט האָט ער געהאַלטן אַ שפּייז-קראָם און פאַרקויפט אונטערן פּרייז. דער עיקר איז ביי אים געווען, מען זאָל זיך טומלען און ס'זאָל זיין „ביזי". ער איז געווען „ביזי". פאַרביזעט, ביזנעסדיק. דאָס געשעפט האָט אָן עין-הרע געבליט, געוואָקסן. און וואָס מער עס האָט געבליט און געוואָקסן, אַלץ מער איז מען פאַרשוואַרצט געוואָרן. און וואָס מער מען איז פאַרשוואַרצט געוואָרן, אַלץ מער האָט מען דערלייגט מזומן געלט, און אַלץ מער האָט צו אים דאָס ווייב געטענהט, ער זאָל אויפגעבן דאָס געשעפט. אָבער ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס: אַז מ'עט זיך „איינטרייען", און אַז דער עיקר איז, אַז מענטשן זאָלן זען, אַז דאָס געשעפט בליט, אַז עס איז אַ גרויסער מאָראַלישער ערפאָלג.

אין עטלעכע חדשים צרום האָט דאָס געשעפט געהאַט אָפּגעבליט, ווי אַ שיינע בלום. די פרוכט וואָס איז אַרויס פון דער דאָזיקער „בליונג" איז געווען אַ בלאַסע, אַ מאָגערע. זי האָט געהייסן מיט דעם וווּנדערבאַרן נאָמען: שלמה זעקעלבערג.

אַז דער נעמלעכער זעקעלבערג איז אַביסל געקומען צו זיך פון דעם „מאָראַלישן ערפאָלג", וואָס ער האָט געהאַט אין זיין שפּייז-קרעמל, האָט ער זיך גענומען באַווייזן אין גאַס און ער האָט זיך געחידושט, וואָס די זון גייט נאָך אַלץ אויף, און וואָס די לופט שמעקט נישט פון נאַפט און פון קאַרטאָפליעס. אין דער זעלבער צייט האָט ער גענומען טראַכטן פון

עפּעס אַ ניי-געשעפטל, אין וועלכן מען זאָל זיך קענען צופירן די הענט, ווי אַ גרויסער געשעפטסמאַן.

איז אים איינגעפאַלן צו עפענען — אַ רעסטאָראַן.

ווו האָט ער גענומען געלט? פון וועלכע געהיימע קוועלן?— דאָס זענען מיר נישט מחויב צו וויסן. מיר ווייסן נאָר, אַז באַלד ווי ער האָט געעפנט דעם רעסטאָראַן, האָט ער גענומען *שניידן* די פרייזן צום ביין. און דאָס וואָס ער האָט נישט *דערשניטן*, האָט ער גלאַט אַזוי פאַרמציאה-גדולהט, דורך גרעסערע פּאָרציעס עסן, דורך רייכע מאַרכביינער, און דורך עקסטרע גלעזער טיי.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף, אַ „ביזי". עס האָט געביזעט טאָג-און-נאַכט: טעלער האָבן געקלונגען, גאָפּלען זענען געפאַלן פון די הענט, מאַרכביינער האָבן געקנאַקט, און איבער אַלעמען האָט זיך געטראָגן דער שטאָלצער נביא-באַפעל פון שלמה זעקעלבערג:

— איינמאָל לונגענגולאַש! — נעווערמיין דעם לונגענגולאַש! צווייִמאָל ערבסנזופּ — איינמאָל מאַגער! — און איבער דעם דאָזיקן געזאַנג האָט זיך געטראָגן דער פעטגעפּרעגלטער דופט פון דער קיך און אַ רויער, נאָך נישט-אויסגעגליטענער קאָפּ-ווייטאָג...

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט די פרוי פון דעם גרויסן געשעפטסמאַן זיך אָנגערופן צו איר מאַן:

— געוואַלד! מיר דערלייגן דאָך געלט!

— נו, וואָדען? — האָט זעקעלבערג צענישטיקט די גאַנצע זאַך — וואָדען, מ'עט *נישט* דערלייגן קיין געלט? דאַרויף איז עס דאָך אַ געשעפט... דער עיקר איז, האָט ער געזאָגט, וואָס דאָס געשעפט *גייט* און סע אַנטוויקלט זיך...

— צו וואָס איז מיר דיין אַנטוויקלעניש, אַז ס'איז נישטאָ קיין ריווח? — מאַכט צו אים דאס ווייב.

— וואָס-זשע וואָלסטו געוואָלט? — מאַכט *ער*, אַז צוליב דעם פאַרשמאָדערטן ביסל ריווח זאָל איך צומאַכן ס'געשעפט?...

— מען דערלייגט דאָך אָבער געלט פון טאַש...

נו, מאַכט ער, וואָס איז אַזוינס דער אומגליק?... האָבן

מיר, מאַכט ער, אין אונזער גראָסערי אויף פאַרלאָרן געלט!
און פונדעסטוועגן האָב איך נישט קיין חרטה — ווייל איך האָב אויסגעלערנט גרינטלעך צו פאַרשטיין די גראָסערי-ביזנעס...

— פאַר וואָס-זשע האָסטו נישט געעפנט צוריק אַ גראָ-סערי? — מאַכט דאָס ווייב צו אים.

— וואָס טויג מיר ווידער אַ גראָסערי? — צעלאַכט ער זיך — איך האָב ווייניק דערלייגט דעם קאָפּ ביי י ע נ ע ר גראָסערי?...

— טאָ וואָס-זשע זאָגסטו?

— איך זאָג גלאַט, אַז סע שאַדט נישט, אַז מ׳וואָט נ אָ ך אַ ביזנעס אין די הענט.

— און וואָס וועט זיין מיטן רעסטאָראַן, שלמה?

— מיר׳ן האַלטן אַזוי לאַנג, ביז איכ׳ל מיך אויסלערנען דאָס פאַך, דערנאָכדעם וועלן מיר אַרויסגיין פון די ביזנעס...

— קען מען דאָך א י צ ט אַרויסגיין פון די ביזנעס און אָפּראַטעווען עטלעכע הונדערט טאָלער!...

— איצט איז נאָך צו פ ר י אַרויסצוגיין, ווייל מיר האָבן נאָך נישט גענוג „עקספּיריענס" אין די ביזנעס...

אין עטלעכע חדשים אַרום איז שלמה זעקעלבערג אַרויס פון דעם רעסטאָראַן: קראַנק, אויסגעמאַטערט, אָן געלט, און מיט אַ מאַסע „עקספּיריענס".

מיר זענען נישט מחויב צו וויסן ווי ער האָט ו ו י י ט ע ר גענומען געלט. מיר ווייסן נאָר, אַז באַלד ווי ער האָט נאָר אַרונטערגעשלאָפן פון זיך דעם רעסטאָראַן, און אַביסל אויס-גערוט די נאָז פון די אויסטערלישע דופטן פון זיין קיך, האָט ער זיך אָפּגעפּוצט ס׳שפּאַציר-שטעקעלע און איז אַרויס אין דרויסן אַ קוק טאָן, וואָס סע הערט זיך.

אַז ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע גאַסן, איז ער פּלוצים צוגעקומען צו׳ן אַ געוועלב ווו מען פאַרקויפט פייגל, קעץ, הינט און אַנדערע חיות. „אָט דאָס איז אַ געשעפט פאַר מיר!" האָט ער אַ טראַכט געטאָן מיטן גאַנצן מוח, „אָט דאָס איז אַ געשעפט וואָס עט זיך דרייען" — האָט ער ווייטער געטראַכט

און געקוקט אויף דעם וועווריק, וואָס האָט זיך געדרייט אין דעם שטייג מיט אַן אומגעהויערע שנעלקייט. „איך וועל אַרונטערלאָזן פון פּרייז", האָט ער געפירט זיין פּלאַן אין געדאַנק: „איך וועל געבן שטאַרקערע פייגל און מיט אַנדערהאַלבן טאָלער ביליקער ווי אַן אַנדערער, און איך וועל געבן די ר וו אַ ק ס ע נ ע הינט, נישט קיין צוציקלעך, וועט מען ביי מיר גיכער קויפן ווי ביי אַן אַנדערן".

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער גרויסער געשעפטסמאַן אַריין אין די פייגל־ביזנעס. ער האָט אָפּגעקויפט די גרעסטע, די בייסנדיקסטע, די האַווקענדיקסטע הינט און זיי אַוועקגעשטעלט אין פענסטער, זיי האָבן דאָרט אויפגעהויבן אַזאַ געוואַלד, אַזאַ הימל־געשריי, אַז אַלע מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן.

זעקעלבערג אַליין איז געשטאַנען ביי דער טיר און גערופן:

— קומט אַריין, קומט אַריין! מיר האָבן די גרעסטע הינט אין דער וועלט! און די שטאַרקסטע פייגל... אַלע אַנדערע פייגל־סוחרים, האָט ער געשריען, פאַרקויפן פיצעלעך מייזעלעך צו צוויי טאָלער אַ שטיק, מיר פאַרקויפן ראַצן ווי די קעלבער — פאַר בלויז ניין־און־פערציק סענט. קומט אַריין!

באַלד איז געשטאַנען לעבן פענסטער אַ געזעמל מיט מענטשן און געקוקט אויף די מערקווירדיקע הויז־חיות, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אין זעקעלבערגס געשעפט.

אַ פרוי איז אַריינגעקומען און געפרעגט:

— האָט איר אַ שיין קאַנאַריקל?

— מיר האַלטן נישט קיין קאַנאַריקעס! — האָט געזאָגט דער גרויסער געשעפטסמאַן. — קאַנאַריקלעך זענען צו שוואַך... מיר האַלטן שפּאַרבערס, האַלטן מיר... זיי זענען אַ סך דויערהאַפטער... און זיי זינגען העכער... בלויז פינף־און־זעכציק סענט אַ שטיק; דריי פאַר אַ דאָלאַר פינף־און־אַכציק סענט.

— אפשר האָט איר אַ קליין פודעל־הינטעלע, אַ ווייס? — האָט די דאַמע געפרעגט.

— מיר האַלטן נישט דאָס דרויב! — האָט זעקעלבערג אָנגעהאָנגען די גראָבע פֿינגער פֿון די הענט אויף די שלייקעס. — מיר האַלטן אמתע הינט... איר זעט אָט־יענעם הונט? — האָט ער געוויזן אויף אַ הינטישן שמענדריק, וואָס איז געשטאַנען אין פֿענסטער מיט אַ פֿאַרבלוטיקט אויער. — איכ׳ל אים אייך פֿאַרקויפֿן פֿאַר דריי טאָלער מיט זעקס־און־זעכציק סענט... מיט פֿופֿצן סענט... פֿאַר דריי טאָלער... פֿאַר אַ טאָלער פֿינף־און־אַכציק... פֿאַר אַ טאָלער מיט אַ קוואָדער, בעפֿאָר דער אַנדערער הונט בייסט אים אָפּ ס׳אויער... פֿאַר אַכט־און־ניינציק סענט... פֿאַר פֿינף־און־דרייסיק... בעפֿאָר ער גריזשעט אים אויס ס׳אויג...

די דאַמע האָט אים אָנגעקוקט ווי משוגע.

— קויפֿט עטלעכע ווערוריקלעך ביליק! — האָט ער נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס זיין סחורה ג י י ט נישט. — איכ׳ל אייך פֿאַרקויפֿן צוויי טוץ ווערוריקלעך פֿאַר אַכט טאָלער... ס׳איז אפֿשר צו טייער?

— ניין! האָט געזאָגט די קויפֿערן און אַ שמייכל געטאָן. — ס׳איז אדרבא זייער ביליק. גוד־באַי!

ווען די מאַמע איז אַוועקגעגאַנגען איז דער גרויסער געשעפֿטסמאַן געבליבן שטיין פֿאַרטראַכט און געקלערט, אַז ער איז אַ ר י י נ ג ע פֿ א ל ן, „אין די פֿריערדיקע געשעפֿטן — האָט ער געטראַכט — האָט מען א ו י ך דערלייגט געלט, אָבער דאָרט האָט מען כאָטש געלייזט. דאָ אָבער לייזט מען גאָרנישט. ס׳איז מסתּם דערפֿאַר — האָט ער באַשלאָסן — ווייל איך רעכן צו טייער“.

און זעקעלבערג האָט גענומען שניידן די פּרייזן — אויף אַ ה ע ל פֿ ט, אויף אַ פֿ ע ר ט ל דערפֿון, וואָס עס האָט אים אַליין געקאָסט. ער איז אויך ביסלעכווייז געוואָר־געוואָרן, אַז קליינע שויס־הינטלעך זענען טייערער ווי גרויסע גאַסנהינט, און אַז די שוואַכע קאַנאַריקעס זענען חשובער ווי געזונטע שפּאַרבערס. ער האָט אַריינגענומען אַ גאַנצן „אויסוואַל“ פֿון מאָדערנע סחורה און איז געווען מרוצה זיי צו פֿאַרקויפֿן פֿאַר

יעדן פּרייז — אַבי מ׳זאָל קומען און קויפן און די ביזנעס זאָלן זיך איינשטעלן. אָבער אַזוי ווי פייגל און הינט זענען אַ לוקסוס-זאַך און מ׳האָט נאָר הנאה פון זיי, ווען זיי קאָסטן זייער ט י י ע ר, איז דעריבער — וואָס מער זעקעלבערג האָט „געשניטן די פּרייזן", אַלץ ווייניקער האָט ער פאַרקויפט. איז געקומען אַזוי ווייט, אַז דער גרויסער געשעפטסמאַן איז געוואָרן שטאַרק פאַרביטערט, האָט געשפּיגן קלעק אויף די גאַנצע פייגל-ביזנעס און באַשלאָסן, אַז ער וועט צושליסן דאָס געשעפט און אַרויסגיין נקי, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט — אָן אַ פּעני געלט. זאָלן די קרעדיטאָרן עס פאַרקויפן אין „אָקשען"! לאָז עס ברענען מיט אַ פייער! אַבי ער זאָל אַרויס דערפון אַ לעבעדיקער... איידער סע פּלאַצט אין אים די גאַל פון פאַרדראָס.

און ווי ער איז אַזוי געשטאַנען און געטראַכט זיינע פאַרצווייפלטע מחשבות, האָט זיך אַן עפן געטון די טיר און ס׳איז אַריינגעקומען אַן עלטערע פרוי, זייער רייך אָנגעטון און געפרעגט, צי ער האָט אַ שווייצאַריש קאַנאַריקל מיט רויטע שטרייפלעך אויפן האַלז.

— נישטאָ! האָט זעקעלבערג געענטפערט קורץ, און גענומען די שליסל צו פאַרשליסן ס׳געוועלב.

— וואָס איילט איר זיך אַזוי? — האָט געפרעגט די דאַמע, אימפּאָנירט פון זיין שטאָלצן טאָן.

— כ׳האָב שוין היינט גענוג פאַרקויפט! — האָט זעקעלבערג געזאָגט מיט אַ פאַרבאָרגן שמייכעלע.

די דאַמע האָט נישט פאַרשטאַנען.

— איר טוט דאָ רייכע ביזנעס! — האָט זי קאָמפּלימענטירט.

— געוואַלדיק! — האָט זעקעלבערג געענטפערט. — נאָר מאַכט עס שנעל, ווייל כ׳האָב נישט קיין צייט. כ׳האָב נישט קיין צייט!

— אַנו, באַווייזט, זייט אַזוי גוט, אַט יענעם קאַנאַריק, וואָס הענגט אינם שטייגל?

— דאָס וועט אייך קאָסטן צוויי הונדערט טולער, נישט ווייניקער! — האָט זעקעלבערג זיך געפּוילט אַראָפּצונעמען דאָס שטייגל.

— כאַ-כאַ-כאַ! — האָט די דאַמע געלאַכט — איר מיינט, אַז איר שרעקט מיך איבער מיט דער פּרייז? ווייזט עס אַהער!

ער האָט עס אַראָפּגענומען פון דער וואַנט.

— וויפיל, זאָגט איר, קאָסט עס?

— צוויי הונדערט טו-לער?

— נישט ווייניקער?

— נישט ווייניקער.

— איר האָט נישט קיין אַנדערס?

— ניין. דאָס איז דאָס לעצטע וואָס איך האָב. זיי גייען ווי מצה-וואַסער...

די דאַמע האָט אַביסל געצעגערט, געקוקט אויפ׳ן פייגעלע און געפרעגט:

— ס׳איז טאַקע אַזאַ זעלטן אַנטיקל?

— אַ זעלטנהייט! — האָט זעקעלבערג געזאָגט און זיך אַנטשולדיקט דערפאַר וואָס ער האָט אַ געגעץ געטון.

— פּאַקט עס איין! — האָט געזאָגט די דאַמע — און שיקט עס מיר צו. אָט איז מיין אַדרעס...

און זי האָט באַצאָלט די הונדערט טולער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דעמאָלט אָן האָט דער גרויסער געשעפטסמאַן שוין מער נישט „געשניטן די פּרייזן", ווייל ער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז וואָס מער מען באַצאָלט פאַר אַ זאַך, אַלץ חשובער איז זי, און מער האָט מען פון איר הנאה.

# רואינירט דורך סוקסעס

וועוועע ריבעל, א מאן פון א יאר — כ׳ווייס?! פון א יאר פינף-און-פערציק, לאמיר זאגן, האט געעפנט א געשעפט פון ווורשט און דעליקאטעסן. דאס געוועלבל איז געווען א קליינס, אן ארעמס, כמעט אזוי ווי וועוועע. דער אונטערשייד איז נאר געווען, וואס וועוועע אליין איז געווען מער דעליקאט ווי זיינע דעליקאטעסן און א סך יינגער...

פון דעם אלעמען וואס מיר האבן דא געזאגט קען מען זיך לייכט פארשטעלן, אז וועוועע ריבעל איז נישט קיין אויסגעטראכטע פיגור, נאר א לעבעדיקער מענטש. ווארים ווען ער וואלט זיין אויסגעטראכט, טא פונוואנען וואלטן מיר געוווסט, אז ער הייסט וועוועע? און ווי אזוי וואלטן מיר געוווסט, אז ער איז א נידריקער און אן אויסגעבלייכטער?

ווען וועוועע ריבעל האט געעפנט דאס ווורשט-געשעפטל מיט ד פיינע זומערדיקע פליגן פון אויבן און מיט געשארפטע מעסערס, און מיט די גוטע אוגערקעלעך, און מיט די גרויסע טעפ זענעפט, און מיט אלצדינק, — איז ער אפיר געגאנגען פון הינטער זיין פארטוך, וואס האט אויסגעזען ווי די אויסגעפרעסטע אומשולד, אביסל צעקנייטשט, און מיט קעשענעס אין ביידע זייטן, און האט גענומען באטראכטן זיין געשעפט, זיין נײ געשעפט, זיין וווּנדערבאר געשעפט. און אזוי ווי וועוועע ריבעל האט א חוץ א געשעפט מיט זענעפט אוגערקעלעך און דעליקאטעסן, אויך געהאט א ווייב, האט ער צו איר א זאג געטון:

— סע שפּיגלט!

ביי דער דאָזיקער באַמערקונג איז ער אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר שריט אויף צוריק, אַריינגעבליקט אין זיך דאָס גאַנצע געוועלבל און מיט זיין גליקלעכער צוקונפט אין די אויגן איז ער געבליבן שטיין ווי אַן אויפשטאַנד און האָט זיך פאַרטראַכט מיט אַ שטיל פאַרטראַכטונג.

זיין ווייב: וואָס'טו זיך אַזוי פאַרטראַכט, וועווע?

ער: איך האַב זיך פאַרטראַכט, אַז סע פעלט נאָך עפּעס, אום די סטאָר זאָל זיין קאָמפּלעט.

— וואָס אַ שטייגער, וועווע?

— עס פעלט אַ גליקוווּנטש.

— וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן, וועווע?

— איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז מיר דאַרפן אַרויסשטעלן אין פענסטער אַ בוקעט מיט בלומען און זיך ווינטשן גליק אין אונזער געשעפט.

— און מיט אַן אויפשריפט „סוקסעס!”?

— מיט אַן אויפשריפט „סוקסעס!”

— און מיט בלויע סטענגעס?

— מיט בלויע סטענגעס.

— און וויפיל דאַרף דאָס קאָסטן, וועווע?

— אַ פופצן דאָלאַר.

— און דו מיינסט, אַז מען מוז דאָס האָבן, וועווע?

— אוודאי דאַרפנ'ס האָבן! — האָט וועווע אָפּגעכאַפּט אין דער גיך, שוין אַביסל אין כעס, וואָס זיין פרוי פאַרשטייט נישט די נויטיקייטן פון אַ געשעפט, פון אַ דעליקאַטעסן-געשעפט.

צומאָרגנס איז געקומען אַ יינגל פונם בלומענמאַכער און געבראַכט צושלעפן אַ ריזיקן קראַנץ פאַר פערצן דאָלאַר אין דער פאָרם פון אַ פאָדקאָווע, און אין מיטן פון דעמדאָזיקן קראַנץ איז געווען אויפגעשריבן אין אַ בלומענשפּראַך פון לייוונטענע רויזן: „סוקסעס!”

— האָבן מיר שוין אַ גליקוווּנטש אויך! — האָט געזאָגט

וועווע צו זיין וועוויכע — און דאָס געוועלבל, מאַכט ער, שפּיגלט. מ'קען זיך דערין אָנשפּיגלען. איצט, מאַכט ער, ווען עס זאָלן נאָך זיין אַ סך קאָסטימער, וועט זיין אָלרייט.

— כ'מיין אויך אַזוי, וועווע — ענטפערט ס'ווייב. — זאָל איך איבערשטעלן דעם זענעפּט?

— שטעל נישט איבער דעם זענעפּט, לאָז אים שטיין וווּ ער שטייט. ריר אים נישט אָן! טשעפּע אים נישט!

— אָלרייט. שריי נישט אַזוי, וועווע.

— איך שריי נישט. איך זאָג בלויז, זאָלסט נישט טשעפּען דעם זענעפּט. אַוועקגעשטעלט דעם זענעפּט, טאָ לאָז שטיין דעם זענעפּט. מ'דאַרף זיך נישט אַרומוואַרפן מיטן זענעפּט.

— איך וואַרף זיך נישט אַרום מיטן זענעפּט.

— אוודאי וואַרפסטו זיך נישט אַרום מיטן זענעפּט. נאָר 'טאָסטו מיר ערשט אַ זאָג געטון, אַז דו ווילסט איבערשטעלן דעם זענעפּט... קענסט אפנים נישט ליידן, אַז דער זענעפּט שטייט אויף אַן אָרט, קענסטו נישט ליידן!

גערעדט האָט וועווע נישט דירעקט צום ווייב, נאָר צום שפּיגל. פּונקט ווי אַ „באַרבער" רעדט צום קונד. און בשעת מעשה האָט ער דאָרט דערזען אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם ריזיקן בלומענקראַנץ, וואָס איז געשטאַנען אין פענסטער און וועלכער האָט געטראָגן די רויטע בלומענאויפשריפט „סוקסעס!"

— אַ טייערער קראַנץ, ווי גאָלד! — האָט וועווע געטראַכט אין דעם שפּיגל אַריין, זיך געגלעט ס'פאַרטוך און געטראַכט, אַז ער זעט אויס ווי אַן אמתער דעליקאַטעסנמאַן, וואָס איז שוין אין די דעליקאַטעסן-ביזנעס מכּמה יאָרן — און דער אויפשריפט „סוקסעס!", האָט ער געטראַכט, איז זייער גוט פאַר די ביזנעס. די דעליקאַטעסן-ביזנעס „גלייכן", אַז מ'ווינטשט זיי „סוקסעס".

אַ טאָג איז אַוועק און צוויי און דריי און וועווע האָט גאָרנישט געלייזט. אַלצדינג איז געווען גוט און פיין און וווּל, נאָר געלייזט האָט מען נישט, ווייל עס איז נישט געווען פון וועמען צו לייזן, ווייל עס זענען נישט געקומען קיינע

קונדן — כאָטש דאָס וואָרט „סוקסעס!״ האָט אַרויסגעשריען דורכן פענסטער מיט אַ רויט געשריי.

אויפן פינפטן טאָג האָט וועווע געקוקט אין שפּיגל און געזען ווי ער טראָגט אַ פּאַרטוך, וואָס זעט אויס ווי אַן אַלטע ליגענדע פון אַמאָל־געוועזענער ווייסקייט, און ווי די אויגן זענען בײַ אים אַזוינע טרויעריקע, פאַרוואָלקנטע.

— ביטער! — האָט ער אַזאָג געטאָן צום אָפּגעשפּיגלטן ווייב, וועלכע איז געשטאַנען און געוואַכט איבערן טאָפּ מיט זענעפט. — ביטער! מ׳זעט נישט קיין קאָסטימער.

— נישט גוט! — האָט צוגעגעבן דאָס ווייב פונם שפּיגל...

— און דער „סוקסעס!״ איז שוין פאַרטריקנט! — באַמערקט וועווע — און די ווערטער זענען שוין אַביסל פאַרשטויבט און אָפּגעקראָכן פון דער זון, מאַכט ער, און מ׳דאַרף שוין, מאַכט ער, האָבן אַ נייעם „סוקסעס״. ס׳איז נישט שיין פאַר די קאָסטימער צו לאָזן שטיין אין פענסטער אַזאַ אַלטן סוקסעס...

דאַרף מען קויפן אַ נייעם „סוקסעס״ — האָט געזאָגט דאָס אומעטיקע ווייבל, וואָס האָט אַרויסגעגלאַנצט פונם שפּיגל אין איר פולער פאַרשלאָפנקייט.

— דאַרף מען טאַקע באַלד אַוועקגיין און קויפן אַ נייעם סוקסעס־קראַנץ! — האָט געזאָגט וועווע און ער האָט אַ טיף־טיפן קרעכץ געטון...

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז אין פענסטער פון דעם דעליקאַטעסן־געוועלבל פון וועווע ריבעל געשטאַנען אַ פרישע בלומען־פּאָדקאָווע מיט דער רויט־בלוטיקער אויפשריפט: „סוקסעס!״.

אָבער די קונדן זענען נאָך אַלץ נישט געקומען עסן וועווס דעליקאַטעסן. און די וואָכן זענען אַוועק איינס נאָך ס׳אַנדערע אין אַ גלײַכער שורה, אַזוי ווי זעלנער. די וואָך וואָס איז געקומען פריער איז אַוועק פריער, און די וואָס איז געקומען שפּעטער איז אַוועק שפּעטער.

אָבער וועוווע האָט נישט געלייזט, ער האָט נישט געקענט לייזן, ווייל עס איז נישט געווען פון וועמען, ווייל קיינער איז נישט געקומען, ווייל די געגנט איז געווען אַן אַנטי-דעליקאַטעסן-געגנט, ווייל וועוווע איז בכלל געווען אַ שלעכטער געשעפטסמאַן. דאָס ביסל געלט וואָס ער האָט געלייזט איז ביסלעכווייז אַוועק אויף קראַנצן. כמעט אַלע וואָך האָט וועוווע אַרויסגעשטעלט אַ נייעם קראַנץ, זיך ווינטשנדיק אַ פרישן סוקסעס. דאָס גאַנצע ביסל לייזונג איז אַוועק אויף צו ווינטשן זיך סוקסעס.

— וואָס טוט מען? — האָט וועוווע געזאָגט צו זיין אָפּגעשפּיגלט ווייב, (דאָס קוקן אין שפּיגל אַריין איז שוין ביי אים געוואָרן אַ שטענדיקע טבע. און זיין ווייב האָט פאַר אים בלויז עקזיסטירט אין שפּיגל!)

— ס'איז שלעכט! — האָט צוגעגעבן ס'ווייב.

— שלעכט צו שלעכט איז נישט גלייך! — האָט געזיפצט וועוווע. — ס'איז ביטער ווי גאַל...

— און דער קאָלעקטאָר וועט באַלד קומען נאָך רענט.

— און דער מאַן פון די לאַקס איז אויך מחויב אָנצוקומען...

— און דער מאַן פון די פּיקעלס...

— און פונם זענעפט...

— און פון דער פּאַסטראַמע!

אַזוי-אָ זענען מאַן-און-ווייב צווישן זיך דורכגעגאַנגען ס'גאַנצע צעטל מיט חובות, און וועוווע, דער גרויסער דעליקאַטעסן-געשעפטסמאַן, וועלכער האָט זיך געהאַלטן אין איין ווינטשן סוקסעס, האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם נייעסטן סוקסעס-קראַנץ, וואָס איז געשטאַנען אין פענסטער און אַרויסגעגליט אין דרויסן אַרויס מיט אַ הויך-רויטן "סוקסעס!", און האָט באַמערקט מיט אַ זיפץ, וואָס איז שוין געווען אַלט עטלעכע וואָכן:

— אָט דער „סוקסעס” האָט מיך דערהרגעט! ווען נישט די עטלעכע צענטליק דאָלאַר וואָס איך האָב אויסגעגעבן אויף

צו ווינטשן זיך ס ו ק ס ע ס וואָלט איך געוועזן געקענט אָנהאַלטן נאָך עטלעכע חדשים. אפשר וואָלט עס זיך געוועזן אָנגעהויבן באַצאָלן. אָבער דער אומגעהויערער „חוקסעס" האָט מיך אַוועקגעהרגעט, דעם לעצטן גראָשן האָב איך אַוועקגעגעבן אויף צו ווינטשן זיך ס ו ק ס ע ס און איצט בין איך רואינירט אויף אייביק, אויף אייביק...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַריבערגעבויגן איבער דעם פּערצנדאָלערדיקן בלומענקראַנץ איז וועווע געשטאַנען ביים פענסטער פון זיין דעליקאַטעסן-געשעפטל און גרויסע האָגל-טרערן זענען געפאַלן פון זיינע אויגן און פייכט געמאַכט די ווערטער „סוקסעס", וועלכע האָבן פון אים געלאַכט מיט אַ רויט בלומען-געלעכטער...

## אויפגעגעסן אַ ביזנעס

אַ מעשה ווי אַזוי צווײ ייִנגע-
לייט האָבן אויפגעגעסן אַ געשעפט
אין צוויי שעה.

מײַנער אַ באַקאַנטער דערציילט:

מיט פרוזדאַק האָב איך אַמאָל געאַרבעט צוזאַמען בײַ אַ פאָטאָגראַפטשיק. איך האָב זיך געפילט זייער נאָענט צו אים, וואָרים ער איז געווען זייער ענלעך צו מיר סיי אין אויסזען, סיי אין כאַראַקטער: ער — אַ הויכער, איך — אַ הויכער. ער האָט געהאַסט דעם באָס ווי אַ חזיר, — איך אויך. ער האָט פיינט געהאַט צו אַרבעטן, איך האָב אויך ליב געהאַט אַרומצוגיין ליידיק. ער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער נאַטור, און איך בין פון דער נאַטור אויך געווען אַ גרויסער ליבהאָ-בער. ער פלעגט רעגלמעסיק באַוווּנדערן די מיטן-נאַכט-זון אויף די „פיאָרדן", וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געזען, און איך פלעג אויך סיסטעמאַטיש זיין אַנציקט פון דעם זונען-אונטערגאַנג אויף די אַלפּן, וואָס איך האָב אויך קיינמאָל נישט געזען.

נאָר אין איין זאַך האָבן מיר זיך שטאַרק אונטערגעשיידט: ער פלעגט אָפט אונטערהוסן מיט אַ ניגון און מיט אַ כריפּ, און איך האָב עטלעכע מאָל געפרוווט הוסן, אָבער אָן דערפאָלג.

עס איז איבריק צו זאָגן, אַז אונטער דער הײַנטיקער

סיסטעמע איז פאַר אַזעלכע צוויי אידעאַליסטן, ווי מיר ביידע, שווער געווען צו עקזיסטירן. און טראָץ דעם וואָס מיר זענען געווען ווילויק אַרומצוגיין ליידיק אפילו אַ יאָר, אַבי זיך צו דערשלאָגן צו אַזאַ דזשאַב, ביי וועלכע מען זאָל נישט דאַרפן אַרבעטן, האָט זיך עס אונז דאָך נישט איינגעגעבן.

איינמאָל זיצן מיר אַזוי אין אונזער רומקע, רופט זיך צו מיר אָפּ פּרוזדאַק:

— ווייסטו וואָס מיר איז איינגעפאַלן, עליע?

— וואָס איז דיר איינגעפאַלן, פּרוזדאַק?

— מיר איז איינגעפאַלן, עליע, אַז מיר זאָלן האַנדלען מיט פּעטענט-מעדיצינס.

— ס'איז גאָרנישט קרום! — זאָג איך — אָבער ווו נעמט מען געלט!

— געלט? — זאָגט ער — מען דאַרף נישט קיין געלט!

— דאָס איז שוין גלאַט געפּאָנפּעט — זאָג איך — וואָס הייסט, מען דאַרף נישט קיין געלט?

— אַזוי הייסט עס! — זאָגט ער, און ער צעלייגט מיר דעם גאַנצן פּלאַן אויפן טעלער — היות — זאָגט ער — אַזוי ווי אין די צייטונגען איז אָפט אַדוועטייזט, אַז מען גיט אַוועק „סעמפּעלס מעדיצינס” פריי, בכן — זאָגט ער — וועלן מיר אָנקלייבן אַ סך אַזעלכע מעדיצינען, און דערנאָך וועלן מיר זיי פאַרקויפן צו קאָסטימערס, און מאַכן געלט ווי בלאָטע.

געפעלט מיר דער פּלאַן און מיר גיבן זיך די הענט, אַז דאָס געשעפט וועט גיין בשותּפות, און וויפיל גאָט וועט צושיקן, וועלן מיר זיך טיילן העלפט אויף העלפט.

— לאָמיר זיך טאַקע באַלד אַ נעם טון צו דער אַרבעט — מאַכט מיין פּרוזדאַק, און מיר זעצן זיך גלייך אַוועק און צעשרייבן עטלעכע הונדערט פּאָסטעל-קאַרדס פאַר פרייע סעמפּעלס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט די פּאָסט אָנגעהויבן ליפערן די סחורה: שמירעכצער, וואַסערלעך, פּאָמאַדעס, פּילן —

קליינע, מיטלע און גרויסע קאפסלען, פראָשקעס, פלעשלעך, סלאָיקלעך, פלאַסטערס — אַ רעגעלע אַפטייק.

מיין פרוזדאַק איז נישט קיין פוילער, ער צעפאַקט דאָס אַלעס ווי געהעריק איז, לעזט איבער די צעטעלעך און צעשטעלט דאָס אויפן טישל מיט אַ סדר: פלעשלעך צו פלעשלעך, סלאָיקלעך צו סלאָיקלעך — און יעדע קראַנקהייט באַזונדער: מאָגן־קראַנקהייט — הינטן, מערידן — פאָרנט, ווייבערשע קראַנקהייטן — רעכטס, אויערן, האַרץ און לעבער — לינקס א. א. וו. בקיצור, אַלעס איז געווען צעשטעלט אין דער בעסטער אָרדנונג, כמעט ווי אין אַן אַפטייק, נאָר קיין קונים זענען נישט געקומען.

— שלעכט!

— באַסקודנע!

— ווייסטו, וואָס מיר איז שוין ה דער איינגעפאַלן? — מאַכט פרוזדאַק.

— וואָס? — פרעג איך.

אַזוי ווי קיין קאָסטימערס קומען נישט און אַזוי ווי ד׳ וואַרע קען נאָך קאַליע ווערן פון דעם הייסן וועטער, זאָלן מיר דאָס אַליין פאַרניצן פאַר זיך.

— אָבער וואָס טויג מיר דיינע מעדיצין — זאָג איך — מיר פאַלט אַרויס דאָס האַרץ נאָך אַ שטיקל ברויט. איך בין טויט־הונגעריק.

— איך שטאַרב אויך נאָך אַ ביסן — מאַכט ער — אָבער מיט עטלעכע שאַכטלען פילן קען מען אָפּפּטרן אַ גאַנץ פיינעם מאָלצייט.

האָבן מיר גענומען שלינגען פילן. איך אַ פיל — ער אַ פיל. אַזוי פאַמעלעכן האָבן מיר אויסגעשלונגען אַלע זעקס שאַכטלען פילן — מייסטנס פאַר פאַרשטאָפּונג.

— און איצט — זאָג איך — לאָמיר עפּעס פאַרטרינקען. ער האָט גענומען דאָס ערשטע פלעשל, וואָס איז אים געקומען צו דער האַנט און גענומען זופּן, ער אַ זופּ — איך אַ זופּ.

אַז מיר האָבן אַזוי אויסגעזופּט אַלע פלעשלעך, האָב איך געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז מיר זאָלן זיך נעמען צו די פּראָשקעס.

— העלפט אויף העלפט — מאַכט פּרוזדאַק מיט אַ קול פון אַ מת און האַלט זיך פאַרן בויך.

— האָב נישט קיין מורא — זאָג איך — איך וועל דיך נישט באַשווינדלען.

און מיר האָבן גענומען טון די פּראָשקעס זייער רעכט: מיר אַ פּראָשעק — אים אַ פּראָשעק. אים אַ פּראָשעק — מיר אַ פּראָשעק, ביז מיר האָבן אויסגעליידיקט אַלע פּאַפּירלעך.

אַז מיר זענען פאַרטיק געוואָרן מיט דער סעודה, האָבן מיר זיך באַשמירט די קעפּ מיט סעמפּל־פּאָמאַדע, און פון דער גאַנצער אַפּטייק איז נאָך געבליבן בלויז עטלעכע פּודעלעך זאַלב — שוואַרצע און געלע — און אַ צען־צוועלף שוואַרצע פּלאַסטערס.

— וואָס טוט מען מיט דעם? — פרעגט פּרוזדאַק, און לייגט זיך אויפן בעט מיטן בויך אַראָפּ.

— וואָס זאָל מען טון? — זאָג איך און לייג זיך אויפן בעט פון יסורים — עס הייבט מיך אָן נעמען אינעווייניק...

— טו זיך אויס — זאָג איך — וועל איך דיך איינרייבן!

פּרוזדאַק האָט זיך אויסגעטון, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט, און איך האָב אים גענומען באַאַרבעטן מיט דער שוואַרצער זאַלב. דאַן האָט ער אויף מיר געמאַכט דיזעלבע אָפּעראַציע מיט דער געלער זאַלב, און נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך קעגנזייטיק אויסגעפּלאַסטערט די בייכער מיט די סעמפּל־פּלאַסטערס, האָבן מיר זיך אַריינגעלייגט אין בעט אַריין.

אין אַ פערטל שעה אַרום איז דאָס גאַנצע טענעמענט־הויז געווען אויף די פיס. מאַנכע טענענטס האָבן געמיינט, אַז עס האָט אויסגעבראָכן אַ כאָלעריע און האָבן זיך געפּאַקט צו אַנטלויפן. אַנדערע האָבן געשריען, אַז צוויי „באָיטשקעס״ האָבן זיך פאַרסמט... און דער דזשעניטאָר איז געקומען צולויפן,

מיט אַן עמער וואַסער. באַלד זענען געקומען צופֿליען צוויי דאָקטוירים, און דערזעענדיק אונזערע אויסגעפּלאַסטערטע ביי־כער, האָבן זיי אונז גענומען פּאָמפּען און לאַכן... לאַכן און פּאָמפּען... אָבער איך און מיין פריינט פּרוזדאַק זענען געווען אין אַ זייער ערנסטער שטימונג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— און איצט — האָט מיין באַקאַנטער פאַרענדיקט — אַז מען וועט אייך זאָגן, אַז אַ מענטש קען אויפעסן אַ ביזנעס אין עטלעכע טעג, זאָלט איר עס גלייבן...

# איך אַלס — ביישפּיל

די צייטן זענען געווען שלעכט. די צייטן זענען געווען ביטער, נאָך פיל ביטערער ווי איר דענקט. צו עסן איז נישט געווען וואָס און דאָס ביסל וואָס איז געווען צו עסן איז אויך נישט געווען מיינס, נאָר עמעצן אַנדערש.

דער עמעצער אַנדערש איז — ס׳רוב — געווען אַ אומ־באַקאַנטער, אַ פרעמדער, דער רוח ווייסט פון וואַנעט.

מענטשן וואָס איך האָב זיי נישט געקענט און האָב אפילו קיינמאָל נישט געהערט זייערע נעמען, זענען געגאַנגען פריי איבער די גאַסן און געגעסן זאַפטיקע באַרן און עפּל און שקארמיצן מיט רויטע קאַרשן און צעשניטענע שטיקלעך או־געריקעלעך און זיי האָבן געשיילט באַנאַנעס און געוואָרפן די שאָלעכץ אונטער מיינע פיס און איך בין זיך נישט קיין פרעמדער און איך קען זיך אַזוי גוט — איך בין אַרומגעגאַנ־גען ליידיק און מיינע ציין זענען אַרומגעגאַנגען ליידיק. אין יעדן פון מיינע צוויי אויגן איז געגאַנגען אַ חלום פון אַ פרישן פרישטיק. און אין יעדן פון מיינע נאָז־לעכער האָט געציטערט די ליידנשאַפט צו אַ כשרן רעסטאָראַן, צו אַ וואַרעמען דריי־סיקסענטיקן מאָלצייט.

איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן, געדרייט אין דער לופט מיין שטעקן און זיך געווונטשן ענטוועדער דעם טויט, אָדער אַ גליקלעכע צוקונפט.

דער טויט איז נישט געקומען, און ווען ער וואָלט געקומען

וואָלט ער מיך נישט געפונען, ווייל איך האָב זיך געהאַט אַרויסגעצויגן פון דער אַלטער דירה און די גליקלעכע צוקונפט איז געווען ווייט, אַזוי ווייט ווי זי איז אַלעמאָל, אַפילו אין דער צוקונפט — איז ביי מיר געבליבן זוכן אַרבעט.

זוכן. אַרבעט זוכן. לאָמיר אַ זוך טון אַרבעט. אַזוי האָב איך געזאָגט צו זיך, ווייל דאָס וואָרט אַרבעט האָט מיך געשראָקן. איך בין שוין געווען אָפּגעוווינט דערפון. אַ חוץ דעם האָב איך מורא געהאַט, אַז איך וועל מיר דאַרפן איינשמירן די הענט און דער גלאַנץ וועט מיר אַראָפּ פון די נעגל.

איך האָב געהאַט זייער שיינע נעגל!

עס האָט געהאלטן שמאָל, זייער שמאָל. מיינע באַקן זענען געוואָרן איינגעפאַלענער פון טאָג צו טאָג, מיין ברוסט-קאַסטן איז געוואָרן פלאַך ווי אַ סקיצע, מיינע אויגן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון דער דרויסנדיקער וועלט און זיך באַהאַלטן אין די לעכער און זיך געפוילט צו באַאָבאַכטן די זאַטע, קנייטשעסנדע וועלט. מיינע הענט זענען געוואָרן שוואַך. מיין האָפנונג אויך. זי האָט נישט מער געפלאַטערט ווי אַ זיידענע פאָן אין ווינט, נאָר געלעגן שווער אויף דער נשמה, ווי אַ קאָלדרע וואָס הענגט אַרויס פונם פענסטער און וויל אַראָפּפאַלן, נאָר זי קען נישט..

עס האָט אָנגעהויבן ווערן ערנסט.

און ערנסטער.

און זייער ערנסט.

אַ שטעלע. איך דאַרף אַ שטעלע. „דאַרף איך" — האָב איך זיך געפרעגט שוין אויפן קול, אַזוי, אַז איך זאָל דערהערן — „דאַרף איך אַ שטעלע?" און איך האָב זיך געענטפערט: „יאַ, אַבסאָלוט. סע קען אַנדערש נישט זיין. עס מוז קומען די צייט".

און איך האָב זיך אויסגעקנאַקט די פינגער פון די הענט.

און מיינע אויגן האָבן געשוויצט מיט הייסע טרערן. און ווען נישט אַ געוויסער „פלוצים" — ווער ווייסט ווו

איך וואָלט היינט אָנגעשלאָגן — אויף וועלכן בית-עולם ? !

דער דאָזיקער „פּלוצים" איז געקומען אין געשטאַלט פון מיינעם אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט מיר „פּלוצים" אַ קלאַפּ געטון אויף דער פּלייצע און געזאָגט :

— העלאָו.

איך האָב געענטפערט זייער מאָגער און אויסגעהונגערט :

— ׳סמאַכסטע ?

ער האָט געזאָגט :

— אַ דאַנק. ׳סמאַכסט ד ו ?

איך האָב געענטפערט :

— נישט גוט. איך אַרבעט נישט. ׳סמאַכסטו אַליין ?

— איך — האָט ער געענטפערט — בין אַ לעקטשורער. איך לעקטשור איבער קרימינאָלאָגיע און איך דאַרף האָבן צו זיך נאָך אַ מענטשן, ער זאָל אַרבעטן ביי מיר אַלס... ביישפּיל !

— וואָס הייסט „אַלס ביישפּיל" ?

האָט ער מיר דערקלערט, אַז אַזוי און אַזוי. און ער וועט מיר געבן אַ דאָלאַר מיט ניינציק סענט אַ טאָג און איך זאָל קומען מאָרגן צו דער אַרבעט.

— צו דער אַרבעט אַלס ביישפּיל ! — האָט זיך מיר אַלץ נישט געלייגט אויפן שכל, אַז ער מיינט עס ערנסט.

— אַלס ביישפּיל מיט אַ דאָלאַר ניינציק סענט אַ טאָג. — האָט מיין באַקאַנטער מיך פאַרזיכערט, אַז ער מיינט עס ערנסט און כּדי צו באַווייזן, אַז ער מיינט וואָס ער זאָגט, האָט ער מיר גלייך אויסגעליִען עטלעכע דאָלאַר פּאָראויס, אַן „אַ-דרויף".

צו מאָרגנס, זייגער אַכט ביינאַכט, בין איך געקומען אויף דעם אָרט, וווּ מ׳האָט מיר געהייסן. עס איז געווען אַ גרויסער זאַל געפּאַקט מיט קורץ געשוירענע פּרויען און שוין זייער לאַנג נישט געשוירענע מאַנסבילן, וואָס האָבן אויף זיך געטראָגן טויט-ערנסטע פּנימער, און בכלל האָבן זיי אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ בית-עולם וואָס אָטעמט שטיל, אָבער זיכער...

מיין באַקאַנטער, אָנגעטון אין זיין בעסטן פּליך און אָנגעשפּאַרט אָן אַ פּלעשל זעלצער-וואַסער, איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע און גערעדט. אַז ער האָט מיך דערזען האָט ער מיר אַ ווונק געטון מיט אַ פינגער, איך זאָל אַרויפגיין.

איך האָב אַזוי געטון. נישט וויסנדיק אין וואָס מיין אַרבעט באַשטייט, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל הינטער דעם לעקטשורער און גענומען אַזוי פּאַמעלעך איינדרעמלען פון מידקייט.

באַלד האָב איך דערפילט אויף זיך אַ האַנט און מיין באַקאַנטער האָט צו מיר געזאָגט שטילערהייט:

— שטעלט זיך אויף. איר דאַרפט זיך שטעלן צו דער אַרבעט אַלס — ביישפּיל.

— איך האָב זיך אויפגעהויבן.

— קומט צו נענטער צום עולם! — האָט ער מיר באַפוילן.

איך האָב אַזוי געטון — מיט גרויס שרעק און קניצטערניש, ווייל ביז דעמאָלט איז מיר נאָך קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו קוקן אַזאַ עולם אין פּנים אַריין. איך האָב געמיינט, אַז איך פאַל!

— האַלט זיך! — האָט מיר מיין לעקטשורער און באַלעבאָס אונטערגעגעבן מוט — ס'איז אַ דאָלאַר מיט ניינציק סענט...

— אַ דאָלאַר מיט ניינציק סענט! — האָב איך אין געדאַנק געציילט דאָס געלט אין פּעניס, כּדי עס זאָל זיין וואָס מער, און עס זאָל מיר געבן כּח צו שטיין אויף די פיס...

— פריינדע! — האָט זיך מיין לעקטשורער געווענדט צום עולם און אָנגעוויזן אויף מיין בלאַס צעשראָקן פּנים מיט די אויגן וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פינטלען. — פריינדע, איך האָב אייך ערשט געזאָגט. אַז דער געוויינטלעכער פאַרברעכער איז אַ נידעריקער מענטש, אַ חיה, אַ קאַניבאַל, אַן עקלהאַפטע באַשעפעניש און איצט האָב איך אַ געלעגנהייט צו אילוסטרירן מיין געדאַנק מיט אַ ביישפּיל. אָט גיט אַ קוק

אויף דעם דאָזיקן ייִנגנמאַן (ער האָט אָנגעוויזן אויף מיר), באַטראַכט זיינע נאַרישע אויגן וואָס האַלטן אין איין פינטלען... קוקט זיך צו — האָט ער געוויזן אויף מיר מיט אַ פינגער — קוקט זיך צו צו זיין אידיאָטיש פנים... און איר וועט וויסן, ווי אַזוי עס זעט אויס אַ מענטש, וואָס האָט פאַרברעכערישע אינסטינקטן...

עס איז מיר געוואָרן פינסטער אין די אויגן און איך האָב געוואָלט עפעס זאָגן — זיך פאַרטיידיקן, אָבער כ'האָב נישט געקענט. ס'איז מיר קוים געלונגען אַרויסצורעדן עטלעכע נישט-פאַרשטענדלעכע ווערטער...

— מיינע פריינדע! — איז דער לעקטשורער אָנגעגאַנגען ווייטער מיט זיין לעקציע איבער קרימינאָלאָגיע און מיך צוגעהאַלטן ביי דעם געלענק פון דער האַנט — ווי איך האָב פריער געזאָגט, זענען פאַרברעכער שוואַכזיניקע מענטשן און זיי ווייסן נישט וואָס זיי ריידן און אַז זיי ווערן בייז און ווילן אויסדריקן אַ פראָטעסט, בעבן זיי, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין... ווי דער ייִנגערמאַן, וואָס שטייט דאָ לעבן מיר אויף דער פלאַטפאָרמע (ווייזט ווידער אויף מיר) האָט אייך באַוויזן... ער איז איינער פון די געפערלעכע פאַרברעכער וואָס קענען נישט אויסדריקן זייערע געפילן מיט ווערטער, ווייל דער מאַרך אַרבעט ביי זיי נישט... און דעריבער, אַז זיי ווערן אויפגערעגט נעמען זיי זיך באַלד שלאָגן און — הרגענען...

איך האָב אים דערלאַנגט אַ פאַטש.

— פריינדע! — האָט ער זיך אָפגעווישט דעם פאַטש מיט אַ ווייס טאַשנטיכל — ווי איר זעט, האָט איר דאָ פאַר זיך אַ ריכטיקן טיפ פון יענעם האַלב-משוגענעם פאַרברעכער וואָס קען דערהרגענען אַ מענטשן צוליב גאָרנישט. די דאָזיקע פאַרברעכער זענען זייער געפערלעך, אָבער מען קען זיי לייכט דערקענען אָן דעם וואָס זיי פינטלען מיט די אויגן און זיי זענען געל ווי וואַקס און זיי ריידן אויף שטום-לשון און זיי כאַפן זיך פאַטשן ביי יעדע געלעגנהייט. און עס גייט זיי אַזש שוים פון מויל, און די אויגן צינדן זיך ביי זיי אָן ווי

לאַמטערנעס. אָט קוקט אים אָן! — האָט ער געוויזן אויף מיר און זיך אָפּגערוקט אַ פּאָר שריט אויף הינטערווײַלעכס — ער ווײַל זיך שוין ווידער שלאָגן. דאָס איז — האָט ער פאָרגעזעצט און געהאַלטן אויף מיר אַן אויג — דאָס איז דער אמתער פאַרברעכער-טיפּ... און דעריבער ענדיק איך מײַן לעקטשור מיט די ווערטער: דערציט אײַערע קינדער! בילדעט זיי! נעמט זיי צו לעקטשורס און זעט, אַז זיי זאָלן נישט אויסוואַקסן אַזוינע אידיאָטן און פאַרברעכער ווי דער דאָזיקער דאָ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז איך בין געקומען צו זיך איז שוין געווען האַלב-פינסטערלעך אין זאַל, און לעבן מיר איז געשטאַנען דער לעקטשורער, מיר געריבן ס'האָריקע האַרץ מיט עסיג און מיר געשטופּט אין האַנט אַרײַן דעם דאָלאַר מיט נײַנציק סענט פאַר מײַן אַרבעט אַלס בײַשפּיל.

— איר וועט מאָרגן נאָך אַמאָל קומען? — האָט ער געפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט מיר געהאָלפן זיך אויפזעצן און מיר אָנגעטון ס'היטל — ס'איז זייער אַ גוטע אַרבעט פאַר אַזאַ מענטש ווי איר, וואָס האָט אַ שוואַך האַרץ. און איר טאָרט נישט אַרבעטן אין קיין שאַפּ. און פאַר מיר לוינט זיך אויך, ווײַל מײַנע צוהערער האָבן ליב, אַז איך אילוסטריר מײַנע לעקציעס מיט לעבעדיקע בײַשפּילן. נו, וועט איר קומען מאָרגן?

איך האָב זיך געשטעלט אויף די פיס, זיך צערעכט געמאַכט ס'היטל, זיך אָנגעהאַלטן אָן בענקל אים געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן און געזאָגט מיט אַלע כוחות:

פאַ-ר-ד!!

דאַן האָב איך זיך ווידער אַוועקגעלייגט אויף דער פּלאַטפאָרמע און געחלשט אַ לענגערע צײַט...

# איך — אַלס ווידערקול

איך האָב שוין אין מיין לעבן — זאָגט דער שרייבער פון די דאָזיקע צײלן — געהאַט פאַרשידענע צייטן און אויך פ אַ ר ש י ד ע נ ע ר ע. איך האָב שוין אין מיין לעבן געאַרבעט ביי אַלערלייסטע מלאכות וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, און אויך ביי אַנדערע — אָבער יענע צייט, זאָגט ער, וואָס איך האָב געאַרבעט אַלס ו ו י ד ע ר ק ו ל, פאַר צוויי דאָלאַר פערציק אַ טאָג, מיט פרייע לאָונדרי, וועל איך נישט פאַרגעסן, ביז מ'עט מיר נישט לייגן קיין שערבלעך אויף די אויגן...

שטעלט זיך פאָר: איך, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, אַ צוויי-הענטיקער מענטש מיט אויגן וואָס זען, מיט אויערן וואָס גיין אין דער אָפּערע, מיט פיס וואָס פאַרשוכצן איבער צוואָנציק דאָלאַר אַ יאָר — שטעלט פאר, זאָג איך, אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך האָב זיך געמוזט געפינען, כדי אָנצונעמען אַ „דזשאַב" אַלס אַ ווידערקול, מיט אַ געהאַלט פון צוויי דאָלאַר פערציק אַ טאָג. און פרייע לאָונדרי...

אַך! מיין לאַגע איז געווען צופיל, און די קרעכצן און די זיפצן וואָס זענען צו יענער צייט — אַרויס פון מיין ברוסט, האָבן געקענט אָנפילן ס'שענסטע יידישע טעאַטער. און פון די אויגן איז מיר געראונען נישט קיין בלוטיקע טרערן — נאָר ה י י ס ע בלוטיקע טרערן!... די דאָזיקע טרערן האָב

איך געלאָזט רינען פריי איבער מיין וועסטל — דערנאָכדעם פלעג איך נעמען ס'וועסטל און עס אויסדרייען, און עס אַרויסהענגען אין דרויסן — עס זאָל זיך טרוקענען.

קורץ: ס'איז מיר געווען שלעכט, ערגער, ביטער. די צייט האָט זיך געטון אירס — זי האָט נישט געהאַט קיין צייט צו וואַרטן, זי איז געגאַנגען אָן אַן אויפהער, און איך בין אַרומגעגאַנגען גלייך מיט דער צייט: נאַקעט און באָרוועס, אָן אַ דימענטשפּילקע אויפן לייב...

בין איך אַלזאָ געוואָרן אַ וואָס? אַ ווידערקול! אַ ווידערקול בין איך געוואָרן, מיינע פריינט! אַן עכאָ — פאַר צוויי דאָלאַר פערציק אַ טאָג, מיט פרייע לאונדרי...

— דערציילן, ליבער, דערצייל, ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט!

אָלרייט, איכ'ל דערציילן:

דאָס איז געווען נאָכדעם ווי איך האָב אַ לאַנגע צייט געזוכט אַרבעט און נישט געקענט געפינען, אומעטום וווּ איך בין געקומען זוכן באַשעפטיקונג האָב איך געקריגן דעם ענטפער, אַז אַזוי און אַזוי — ענטוועדער מ'האָט פאַר מיר אַרבעט אָדער פאַרקערט. אין ערשטן פאַל בין איך געווען אומגליקלעך, ווייל כ'האָב מורא געהאַט, אַז מ'עט מיר אָנשלאָגן, אַז איך זאָל זיך שטעלן אַרבעטן — וואָס דאָס איז געווען קעגן מיינע איבערצייגונגען אַלס מענטש און ליידיקגייער, און אין צווייטן פאַל האָב איך גלאַט אַזוי אַוועקגעלייגט די אויגן אויפן אַרבל און געוויינט — ס'גרעסטע געוויין...

אַז ס'האָט שוין געהאַלטן גאָר שמאָל — אַזוי שמאָל, אַז איך האָב שוין ערנסט גענומען טראַכטן וועגן פּאָון אין די בראָנקס, און דאָס וואַסער האָט שוין דערגרייכט אַ ז ו י ווייט (אָנווייזנדיק אויף מיין נייעם 98 סענטיקן קראַוואַט!), — דעמאָלט האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ פריינט מיינעם, אַ פאַרמער, אין וועלכן ער האָט מיר אָנגעבאָטן ווערן אַ ווידערקול מיט אַ געהאַלט פון צוויי דאָלאַר פערציק אַ טאָג און פרייע לאונדרי.

„איך — אַ ווידערקול! נישט מער דער שיינער, דער חנעוודיקער ייִנגערמאַן מיט זיין הויכער שטעלונג אין דער געזעלשאַפט, מיט זיין פאַרפירערישן שמייכל און פייערדיקע אויגן — נאָר אַ ווידערקול... אַן עכאָ... אַן אָפּקלאַנג... אַן אַבסטראַקט — אַזוי צו זאָגן"... אָט-אַזוי האָב איך מאָנאָלאָגירט, און זיך געריסן די לאָקן פון קאָפּ, און זיי אַרויסגעלאָזן דורך די פענסטער פון דער באַן, וואָס האָט מיך געטראָגן צו מיין קאַריערע אַלס עכאָ...

אַז איך בין אָנגעקומען אַהינצו אויף דער פאַרם און זיך באַגריסט מיט מיין פאַרמערישן פריינט, האָט זיך צווישן אונז געשטעלט דער העכסט-פאָלגנדער שמועס:

א י ך: אין וואָס באַשטייט מיין אויפגאַבע אַלס ווידערקול, פליצז?

ע ר: וועסט מוזן שטיין אַ גאַנצן טאָג לעבן דעם בריקל פון מיין טייך און אַרבעטן אַלס — עכאָ.

א י ך: ד׳שכל?

ע ר: פאַרשטייסטו מיך, עס זענען פאַראַן מענטשן וואָס זענען גרויסע נאַטור-ליבהאָבערס און זיי האָבן האָלט עס זאָל עכאָען... און אַזוי ווי מיין קאָנקורענט האָט פאַראיאָרן צוגענומען אַ מענטשן און אים אַוועקגעשטעלט ערגעץ, ביי אַ בריקל — ער זאָל עכאָען, האָב איך היינטיקס יאָר אַדווערטייזט, אַז מיר האָבן נאָך אַ שטאַרקערן ווידערקול... ווייל דו האָסט אַ געזונט קול...

שפּעטער מיט אַכט מינוט בין איך שוין געלעגן פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ זומפּיק וועלדל און געוואַרט... אויף דער געלעגנהייט, אויסצופּרוּון מיין טאַלענט אַלס ווידערקול...

באַלד איז פאַרביַיגעגאַנגען אַ ייד, און פון זיינע באַוועגונגען מיט די הענט, ווי אויף צו כאַפּן פליגן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיין אַ פאַרערער פון דער מוטער-נאַטור, און אַ זוכער פון... עכאָס.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ רוף: העלאָ! הוזדער?

איך האָב פּראָמפּט צוריקגערופן: העלאָו! הוזדער?

— אַ פײַנער טאָג! — האָט געזאָגט ס'קול — קומענדיק אַלץ נענטער.

— דאַטסרײַט! — האָב איך געענטפערט — אַ פײַנער טאָג!

דער „דאַטסרײַט״ איז געווען איבעריק — אָבער נ אַ־טירלעך.

— זענען מיר אַלזאָ אין קאַונטרי — האָט גערופן ס'קול.

און איך האָב צוריקגערופן מיט דערזעלבער באַטאָנונג: זענען מיר אַלזאָ אין קאַונטרי!

— כאָכאָה! — האָט געלאַכט ס'קול.

— כאָכאָה! האָב איך — אַלס ווידערקול — צוריק־געלאַכט.

— ווו זענט איר? — האָט געפרעגט ס'קול.

— ווו זענט איר? — האָב איך צוריקגעפרעגט.

— כאָכאָכאָה! — האָט זיך ס'קול געהאַלטן בײַ די זײַטן פון לאַכן.

כאָכאָכאָה! — האָב איך צוריקגעלאַכט אויף אַ היס־טעריש קול.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. איך האָב זיך דערווײַל פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל און באַלד האָט ס'קול ווידער געפרעגט:

— וואָס מאַכט איר עפּעס?

— טהענקיו! — האָב איך געענטפערט — איך בין אָל־רײַט. וואָס מאַכט איר אַליין? — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָב איך געהאַלטן אויף דער דלאָניע צוויי דאָלאַר פערציק — געצאָלטס פאַר מײַן מערדע־רישער אַרבעט, אַלס ווידערקול, און מײַן פרײַנט, דער פאַר־מער, האָט מיר געוויזן מיטן פינגער ווו די באַן־סטאַציע איז, און ער האָט מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל אַכטונג געבן ווי איכ'ל אַריבערגײן די „טרעקס״ — אַז נישט וועט'ן מיך איבערפאָרן...

# דער רעגל־מעסיקער חלשער

אַזוי ווי די ליבעלייוער האָבן זייער האָלט, אַז מע דערציילט זיי מעשיות וועגן אַזאַ פּאָפּולערן געגנשטאַנד ווי עסן, דעריבער גיב איך זיך די מי אויסצוטראַכטן די פאָלגנדע געשיכטע, וועלכע דאַרף כלומרשט דערציילט ווערן פון אַ יידן, וואָס האָט אַמאָל געהאַלטן אַ רעסטאָראַן. „וואָס מאַכט ער עפּעס דער דאָזיקער ייד?" פרעגט איר. „אַ דאַנק פאַר נאָכפרעגן", זאָג איך. ער פילט שוין היינטיקע וואָך אַ ביסעלע בעסער. „ווי־אַאָס?" פאַרחידושט איר זיך, „ער האָט דען שלעכט געפילט?" „אָי!" זאָג איך און קוק אייך אָן ווי משוגע „פרעגט בעסער נישט. צווינגט מיך נישט" זאָג איך „אייך צו מוזן ערקלערן, אַז אונזער אויסגעטראַכטער העלד האָט לעצטע וואָך גענומען אַ וואַנע... און זיך אינגאַנצן איינגעזעצט".

„נאָר גענוג", זאָז איך, „דערפון, לאָמיר דעם יידן אַ נאָמען געבן פראָיקע, איס אַוועקזעצן אויף אַ בענקל לעבן אונז, און אים בעטן אונז צו דערציילן זיין געשיכטע מיט דעם „רעגלמעסיקן חלשער":

אָלרייט, ר' פראָיקע, איר קענט שוין אָנהייבן. אַנו!
הייבט ער אָן אַזוי:

„... איך האָב דעמאָלט געהאַלטן אַ רעסטאָראַן אויף איסט־בראָדוויי און געהאַט די ערע זיך צו באַקאָנען מיט די פיינסטע יידישע דיכטער און שריפטשטעלער — מיט אַלע, האָב איך זיך דעמאָלט פערזענלעך באַקאָנט, אַ חוץ מיט די פאַר סענט. מיט דאָס

לעצטע איז מיר זייער שווער געווען צו שליסן אַ געניערע באַ־קאַנטשאַפֿט, מחמת כמעט אַלע האָבן געגעסן אויף צעטעלעך... דאָס הייסט נאָכן מאָלצייט, ווען דער קעלנער פֿלעגט זיי דערלאַנגען דעם חשבון, פֿלעגן זיי אויף אים ארויפֿלייגן זייער „אויטאָגראַף“ און דאַמיט באַרויקן זייער געוויסן...

מיר איז געווען שלעכט — זייער שלעכט. וואָס אַ טאָג זע־נען די מיטאַרבעטער אויף מיינע צעטעלעך געוואָרן צאָלרייכער... כמעט די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ האָט מיטגעאַרבעט אויף מיינע צעטעלעך...

און אפשר איז דאָס נאָך געווען ווייניק, — האָט מיר נאָך גאָט צוגעשיקט דעם רעגלמעסיקן חלשער און יענער האָט מיך שוין ג אָ ר אַוועקגעקוילעט.

אַזוי געווען די מעשה:

איינמאָל, אַרום איינס אַ זייגער נאָכמיטאָג (איך לאָז אויס די נאַטור־באַשרייבונג און די פּסיכאָלאָגיע — דאָס ערשטע וועלן די לעזער געפֿינען ביי מאַקסים גאָרקי, דאָס צווייטע — ביי דאָסטאָיעווסקין!) עפֿנט זיך די טיר און עס פֿאַלט אַריין צו מ י ר אַ פֿרעמדער ייד, שטרעקט זיך אויס אויף דר'ערד און... חלשט.

אָפּגעמינטערט אים, זעץ איך אים אַוועק ביי אַ טישל און פֿרעג אים זייער קלוג:

— אים נישט גוט געוואָרן?

— יאָ, עס איז אים נישט גוט געוואָרן.

— ער האָט געחלשט?

— יאָ.

— צו וואָס דאַרף ער עס?

— ער ווייסט נישט.

— וואָס קען, נאָך זיין מיינונג, זיין די סיבה דערפֿון?

— דאָס עסן. ער עסט קעגנאיבער אין אַ רעסטאָראַן, איז דאָס עסן זייער פּאַסקודנע. איז נאָכן עסן ווערט נישט גוט און ער חלשט.

— אַלע טאָג?

— יאָ. אַלע טאָג.

איך האָב דעם מאַן פיין באַהאַנדלט, אים אויסגעריבן מיט ווייַן-עסיג... באַגאָסן אים מיט סעלערי-טאָניק, אים געבלאָזן אין די נאָז-לעכער, און אַז ער איז געקומען צו זיך, האָב איך אים אויפגעזעצט אויף דער קאַר און אים אַהיימגעשיקט.

מיין באַהאַנדלונג איז אים, ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן. ווארים גלייך אויף דעם אנדערן טאָג, פונקט איינס אַ זייגער, ווען ער איז צוריקגעגאַנגען פון מיטאָג-עסן, איז ער ווידער אַריינגעפאַלן צו מיר אין רעסטאָראַן — הינטערווייַלעכטס — זיך אַוועקגעלייגט אויף דער שוועל און געחלשט, אויפן שענסטן אופן.

דאָס מאָל האָב איך אים גלייך דערקאָנט, און ווייסנדיק אַז עסן עסט ער ביי מיין קאָנקורענט און חלשן קומט ער צו מ י ר, האָב איך אים געריבן שוין נישט מיט ווייַן-עסיג, נאָר מיט דער ביליקסטער וואַרע וואָס מען קען קריגן. און אָנשטאָט סעלערי-טאָניק האָב איך אים איצט אָפּגעכליאָפּעט מיט „פליין סאָדא” און אנשטאט אין ביידע נאָז-לעכער ווי פריער, האָב איך אים איצט געבלאָזן בלויז אין א י י נ ע ם.

אַז ער איז געקומען צו זיך, האָב איך אים געפרעגט:

—איז אים נישט גוט געוואָרן?

— יאָ.

— צו וואָס דאַרף ער עס?

— ער ווייסט נישט.

— און וואָס איז, נאָך זיין מיינונג, די סיבה דערפון?

— דאָס חזירשע עסן, וואָס ער עסט, ער עסט קעגנאיבער אין אַ רעסטאָראַן איז דאָס עסן זייער פּאַסקודנע — מוז ער חלשן...

— פאַרוואָס-זשע גראָד ביי מיר?

— ווייל ביי מיר איז גראמער, לופטיקער, און אין אַלגעמיין געפעלט אים דאָס פּלאַץ בעסער, ווי יענער ווו ער עסט...

— טאָ וואָס-זשע קומט ער נישט אַהער עסן?

— ער ווייסט אַליין נישט. ער איז שוין צוגעוויינט צו יענעם רעסטאָראַן...

און אַזוי ווייטער.

אַז ער איז געקומען צו זיך, האָב איך אים אָוועקגע־זעצט אויף אַ קאַר און אים אַהיימגעשיקט.

צומאָרגנס, פּונקט איינס אַ זייגער, איך זע ווי אַ ייד דערנענטערט זיך צו מיין טיר — הינטערווייַלעכס — שאָקלט זיך ווי אַ בוים אין אַ שטורם־ווינט... און — וויל חלשן, אַז ער שטאַרבט.

גיי איך אים אַ קעגן, שטופּ אים אַריבער אויף דער אַנ־דערער זייט גאַס, לעבן רעסטאָראַן ווו ער עסט, און לייג אים אַוועק ביי מיין קאָנקורענט אויפן שוועל...

אין אַ פערטל שעה אַרום, קומט ער צולויפן אַ פייכטער, איז רויט ווי אַ גזלן און שרעקלעך צעקאָכט.

— מיסטער, זאָג איך צו אים, איר קוקט אויס צו זיין אַביסל בייזלעך!

— יאָ, זאָגט ער, איך בין בייז ווי אַ טיגער — בין איך.

— וואָס איז די אורזאַכע דערפון?

— די אורזאַכע דערפון, זאָגט ער, איז וואָס איר האָט נישט געהאַט קיין רעכט מיך אַריבערצושטופּן אויף דער אַנ־דערער זייט — צו חלשן אין מיין אייגענעם רעסטאָראַן! ערשטנס, זאָגט ער, פּאַסט מיר נישט צו חלשן צווישן אייגע־נע מענטשן, צווייטנס. זאָגט ער, איז ביי אייך גראַמער, לופּ־טיקער... און אין אַלגעמיין געפעלט מיר אייער פּלאַץ בעסער ווי דאָרט ווו איך עס.

איך האָב אים קוים באַרויקט און אַוועקגעשיקט.

צומאָרגנס, מיין חלשער איז ווידער דאָ! אַקוראַט אַ זיי־גער איינס — צו דער מינוט. קומט אַריין הינטערווייַלעכס, לייגט זיך אַוועק און — חלשט.

אָפּגעמינטערט אים, מאַך איך צו אים:

— מיסטער, וואָס האָט איר צו מיר? וואָס ראַינירט איר מיך?

קוקט ער מיך אָן.

וואָס הייסט, זאָגט ער, איך רואינער אייך? איך חלש עפּעס, זאָגט ער, אויף צו פלייסן? איך חלש, זאָגט ער, דערפאַר וואָס איך מוז... ווייל עס שפּאַרט מיך אָן... איך קען זיך ניִשט העלפן!

— יאָ, זאָג איך, אָבער ווער הייסט אייך עסן אין אַזאַ רעסטאָראַן, איר זאָלט מוזן חלשן?

— וועל, זאָגט ער, ער קען זיך נישט העלפן, ער איז שוין, זאָגט ער, צוגעטרייעט צו דעם פּלאַץ, ער עסט דאָרטן שוין איבער פינף חדשים...

— און ווו האָט איר ביז איצט געחלשט? פרעג איך.

— ביז איצט, זאָגט ער, האָב איך געחלשט אין דער דרייצנטער סטריט אין סעקאָנד עוועניו... נאָר ס'איז צו ווייט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צו מאָרגנס — אַזוי ענדיקט אונזער אויסגעטראַכטער רעסטאָראַטאָר — האָב איך פאַרקויפט דעם רעסטאָראַן אין אַ קשען און בין אַרויס פון די ביזנעס.

# אַ ברויטגעבער

— איר רעדט פון רעסטאָראַנען – האָט ער אָנגעהויבן — פרעגט מ י ך, וועל איך אייך זאָגן.

אָט איז דער כריין!

ווי איר ווייסט, מסתמא, בין איך אין די רעסטאָראַן-ביזנעס שוין נישט פון היינט אָן — סעי, דזשאָו, שטעל צום טיש דעם עסיג... נישטאָ קיין עסיג אויפן טיש!

האָב איך מיר געהאַט מיינע ביזנעס אין פאַרשידענע געגנטן פון שטאָט — מיינסטנס אין גוישע. מילא, איכ'ל אייך נישט זאָגן, אַז איך האָב געמאַכט גרויסע גליקן, ס'איז נישט שייך! אַ רעסטאָראַן איז בכלל אַן אָרעמע ביזנעס. און נתעשר ווערן דערפון קען מען נישט. נאָר ס'שטיקל ברויט האָט זיך געשלעפט. וואָס — וואָס, אַ גוי ווייסט דיר נישט קיין חכמות. קומט אַריין, עסט אָפּ, באַצאָלט און גייט אַוועק.

זיצן אין רעסטאָראַן גאַנצע טעג און כליאָבען טיי און — ווי רופט איר עס — דיסקוטירן — דאָס איז אַ זאַך וואָס ד'ערלים ווייסן נישט. ביי אַ גוי איז אָדער ער עסט, אָדער ער שלאָגט זיך. אָבער שלאָגן זיך איבער געוויסע פראַגן, און אין דערזעלבער צייט עסן דינער — דערפון האָט ער קיין השגה נישט.

איז דאָך אָבער, ווי זאָגט איר, אַמעריקע אַ מדינה, איז מיר איינגעפאַלן, אַז גענוג געמוטשעט זיך צווישן גוים, אין אַ גוישער געגנט — כ'וועל פּרווון עפענען אַ ביזנעס ערגעץ אויף דער איסט סייד, צווישן אייגענע מענטשן.

אַ ייד — ווי זאָגט איר — איז פּאָרט נישט קיין גוי. און יעדן ציט צו דאָס זייניקע...

אַזוי איז שוין אַוועקגעשטעלט געוואָרן די וועלט — קענסט גאָר ניש-ניש מאַכן! אפשר ווילט איר נאָך אַביסל כריין? ניין? אקיצור, איך האָב זיך געבלוטיקט און אויפגעעפנט אַ רעסטאָראַן אויף איסט-בראָדוויי. אַ פיינעם רעסטאָראַן ווי אַ גאָלד — גרויס, לופטיק, אַ מחיה, און טאַקע, ווי זאָגט איר, „דעליוועריט די גודס", און פון שענסטן, וואָרים אין לויפן דער צייט—אַז דער מענטש וויל זיך איינטרייען אַ געשעפט, איז דאָך, ווי זאָגט איר — קורץ, וואָס זאָל איך אייך דערציילן: דער רעסטאָראַן האָט זיך פון אָנפאַנג אַוועקגעשטעלט גאָר נישקשהדיק. אַריינגעקומען יידישע שרייבערס, און געגעבן צולייזן גאָר נישט שלעכט.

מילא, גליקן מאַכן פון יידישע שרייבערס — איז דאָך נישט שייך... נאָר אַזוי אין אַלגעמיין האָט זיך עס געוויזן גאַנץ נישקשהדיק...

אַ וואָך — צוויי אַזוי.

מיט אַ מאָל האָבן זיך גענומען יאָוועצן — ווי רופט איר זיי? — טראָמבעניקעס. דערהערט, אַז ביי מיר אין רעסטאָראַן קומען אַריין יידישע — ווי רופט איר זיי — ליטעראַטן, האָבן זיך גענומען יאָוועצן אַלערליי שלעק און אָנשיקעניש פון דער גאַנצער וועלט: סאָסייעטי-מעמבערלעך, ליידיק-גייער, גלאַט נודניקעס.

איינער פון זיי איז געווען אַן עלטערער ייד, אָן אַ באָרד אָדער וואָנצעס, מיט צוויי קליינע כיטרע אייגעלעך — ווי צוויי שוואַרצע מייזלעך... און די דאָזיקע צוויי אייגעלעך זענען כסדר אַרומגעלאָפן אין די רויטע אויגן-נעסטן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אַרויספּליען און עמעצן אַ ביס טון...

וואָס איז דאָס טועכץ פון דעם דאָזיקן יידן האָב איך אין אָנפאַנג נישט געוווּסט, נאָר שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז ער אַרבעט פּאַר — ווי רופט איר עס — די

טשאַריטיס, רעדט אויף עטלעכע שפּראַכן מיט אַמאָל און קריגט זיך מיט אַלעמען וועגן אַלעם.

אָט דער דאָזיקער ייד – מעג איך זאָגן, האָט מיך אַרויסגעטריבן פון יענעם פּלאַץ.

וואָס פּלעגט ער אַ שטייגער טון? — גאָר נישט. ער פּלעגט אַריינקומען מיט אַ מין ברייטקייט, און מיט אַ שטעל, ווי א ראָקפעלער, זיך אויסקלייבן דעם שענסטן און גראָמסטן טיש און אָרדערן אַ... גלאָז סאָדע-וואַסער פאַר צוויי סענט...

דאַן פּלעגט ער אַ געשריי טון צום ווייטער:

— סאַי, מיסטער, גיט מיר אַכטונג אויפן רעקל! איך דאַרף ערגעץ אַרויסלויפן!

און וואָס מיינט איר האָט ער געטון? ער איז אַרויסגעלאָפן דער חזיר און זיך איינגעקויפט אַ באָקסל טעמען, עטלעכע הערינג, אַ פּאָר פּיקעלס, אַ פונט פאסטראָמא, אַ ברויט און צוריקגעקומען — עסן...

אָפּגעגעסן, מאַכט ער צו מיר:

— ווייסט איר, אַז איר האָט נישט קיין שכל ווי צו פירן אַ ביזנעס?

— דהיינו, פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?

— איך מיין, זאָגט ער, אַז איר דאַרפט נישט פאַרקויפן קיין דינער פאַר פינף-און-דרייסיק סענט. דאָס ווינציקסטע וואָס איר דאַרפט רעכענען איז פופציק סענט — נישט ווייניקער אַ פּעני. און מיר איבערגעבנדיק עפּעס אַ פּעקעלע, מאַכט ער: באַהאַלט דאָס ערגעץ פון מיינעטוועגן, כ'האָב זיך איבערגעלאָזן אַ גוט שטיקל לאַקס אויף מאָרגן...

— מיינע עסנס געפעלן אייך מסתמא נישט? — וואַג איך זיך אַרויסצוזאָגן.

— ניין! מאַכט ער — אדרבא, איר האָט גאַנץ גוטע עסנס... נאָר אַז איך קויף דאָס אַליין, קאָסט עס מיך ביליקער.

קוק איך אים אָן און — שמייכל.

— צאָלרייט! — מאַכט ער — איר דאַרפט נישט שמייכלען,

היינטיקע צייטן, מאַכט ער, שפּילט די פּעני אַ גרויסע ראָלע... גאַט אייך, מאַכט ער, צוויי סענט וואָס סע קומט אייך פאַרן סאָדע-וואַסער, און טאָמער, מאַכט ער, וועלן אַריינקומען אַ זעקס יינגע-לייט פרעגן אויף מיר, זאָלט איר זיי הייסן וואַרטן... וואָרים איכ׳ל באַלד אַריינקומען...

צומאָרגנס באַווייזט ער זיך ווידער — דער ייד, גאַנץ פרי, זעצט זיך אַוועק ביים שענסטן טיש, טוט אויס דעם ראָק, פאַרקאַשערט די אַרבל, גלעט זיך אויס דעם פּליך און הייבט אָן שלעפּן פון די קעשענעס האַרטע אייער.

— זעט איר! — מאַכט ער צו מיר, קלאַפּנדיק די אייער מיט מיין לעפעלע — אָט אַזעלכע אייער דאַרפט איר קויפן... ס׳איז טייערע אייער ווי גאָלד — גיט מיר אַ גלעזל סאָדע-וואַסער, נאָר האָריאַפּ!

איך האָב אים דערלאַנגט אַ גלעזל סאָדע-וואַסער, מיין ייד האָט זיך גוט אָנגעפּאָיעט און געזאָגט:

— הערט, מיסטער קאַץ, (מיין נאָמען איז קאַץ!) ווו קויפט איר אייער ברויט — ביי וועלכן בעקער?

— איך האָב אים אָנגערופן אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן בעקער.

— קען איך פאַרזוכן אַ שטיקל?

— געוויס.

ער האָט אויפגעגעסן אפשר דריי פונט ברויט און דאַן האָט ער געזאָגט זייער רויק:

— פּע! סאַראַ חזיריש ברויט ביי אייך איז! זעמל האָט איר אויך? — אַנו באַווייזט!

איך האָב אים דערלאַנגט אַ זעמל. ער האָט אים אויפגעגעסן און באַמערקט זייער קורץ:

— חזירשע זעמל!

דאָס איז געווען אין אָנפאַנג

שפּעטער צו האָט ער זיך מישב געווען, ער האָט שוין קיין פּיקלס מיט קיין ברויט אויך נישט געבראַכט. דאָס פלעגט

ער שוין אַליין נעמען פון טיש און באַצאָלן פלעגט ער די געוויינטלעכע צוויי סענט פאַר סאָדע-וואַסער.

אָבער דאָס איז נאָך גאָר נישט. די רעכטע מעשה הייבט זיך ערשט אָן:

איינמאָל אין אַ ביינאַכט, אַרום זייגער צוועלף, קומט ער צוגיין, צעשפּרייט זיך מיט זיין וועטשערע און עסט זיך פּאַמעלעכענקע — ביז איינס אַ זייגער.

— זאָג איך אים: פּליעז איילט זיך אונטער אַ קאַפּעלע, שוין איינס דער זייגער און איך וויל גיין שלאָפן.

— דאָנט באָדער מי! — מאַכט ער — און ווערט אויפגערעגט... אַז איר ווילט שלאָפן — שלאָפט... וואָס איז דאָס מיין דאגה?...

— איך בין זייער אָפּגעאַרבעט! — פּרוּוו איך זיך בעטן ביי מיין צוויי-סענטיקן קאָסטימער.

— פּליעז! פּליעז! — מאַכט ער צוויי מאָל „פּליעז", הערט מיר אויף דולען אַ קאָפּ מיט אייערע מעשיות... אַז איך עס — האָב איך ליב סע זאָל זיין שטיל... איבריקנס, מאַכט ער, איז מיר שוין פּאַרמיאוסט אייער גאַנצער חזירשער פלאַץ... מיט די חזירשע פּאַראַנדקעס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס ווייטער איז געשען ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר אַז איך האָב אים דערלאַנגט אַ זעץ צו דרערד, זיך אַרויפגעשטעלט מיט אַ קני אויף זיין בויך און אים גענומען קנעטן מיט אַלע כּוחות און שרייען:

— נאַדיר אַ חזיריש פלאַץ! נאַדיר חזירשע פּאַראַנדקעס! נאַדיר פאַר צוויי סענט אַ גלעזל וואַסער... נאַדיר אייגענע פּאַסטראַמע!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זאָגט איר: יידישע רעסטאָראַנען.

אַז פאַרברענט האָבן זיי געזאָלט ווערן איידער איך האָב זיי דערקענט! אפשר ווילט איר נאָך אַ פּיקצל?

# אַ זויבערער רעסטאָראַן

איך בין געווען זייער הונגעריק און איך בין דאַרום אַריינגעפאַלן אין ערשטן בעסטן רעסטאָראַן און —

— וואָס'טיר עסן ? — האָט מיך געפרעגט אַ קליין, אָנגעבאַקט יידל מיט אַ ברודנעם האַנטוך איבערן אַקסל און אַ זייער פאַרקויטיקט פאַרטוך איבער זיין... קעגנוואַרט.

— געצמיר אַ רעגעלע דינער ! — האָב איך געזאָגט — איך בין הונגעריק ווי אַ הונט.

דער ייד האָט מיך פאַמעלעכן און מיט ישוב-הדעת באַטראַכט פון אויבן ביז אַראָפּ, מיך געפרעגט צי בין איך אַ נייער קאָסטימער און צי איך האָב ליב ריינקייט...

איך האָב אים געזאָגט, אַז יאָ, מיר האָבן זייער ליב ריינקייט, און לאָז ער זיך צואיילן מיטן עסן, מחמת מיר לאָזן שיער די נשמה פון הונגער !

אָבער ער האָט זיך נישט צוגעאיילט. אָנשטאָט דעם האָט ער מיר געגומען דערקלערן מעלות פון זיין פרעס-אַנשטאַלט. מיך געוואָלט איבערצייגן, אַז אַלע יידישע רעסטאָראַן-אייגענטימער זענען מערדער, גאָרגלשניידער און מענטשן-סמער. אַלע — חוץ ער, דער ייד מיטן שמוציקן פאַרטוך און פאַרקויטיקטן האַנטוך, וועלכער איז אַן אמתער מלאך אין מענטשנגעשטאַלט און זיין העכסטע אויפגאַבע איז צו זיין נאָבל, ריין און ציכטיק...

— באַרשט האָטיר? — האָב איך אים איבערגעשלאָגן די רייד.

יאָ, ער האָט באָרשט. אָבער ווייס איך כאָטש וואָס פאַר אַ מין באָרשט דער מאַן האָט? דער אמתער ווײַן, אונטערגעשלאָגן מיט באָרדענס מילך פונם „באָטעל", און פאַרבראָקט מיט אייער, וואָס די הינער וועלן ערשט לייגן מאָרגן, צו מ'עט דערלעבן, — אַזוי פריש זענען זיי!... און וואָס אָנבעלאַנגט זיין פוטער אין דאָס נישט דיזעלבע חזירעריי וואָס מען קריגט אין אַלע אַנדערע רעסטאָראַנען, און פון וועלכע מענטשן גייען פון דער וועלט יינגערהייט — ניין! אויף זיין פוטער דאַרף מען זיין אַ מבין, מען דאַרף פאַרשטיין וואָס סע הייסט אַ גוט שטיקל פוטער — מען דאַרף, אַזוי צו זאָגן, זיין אַ געענדיקטער פוטעריסט...

אפשר פופצן מינוט האָט מיך דער ייד אַטאַקירט מיט זיינע דערקלערונגען, און אַז ער האָט מיר שוין געבראַכט דאָס ביסל עסן, האָט ער מיך נאָך נישט אָפּגעלאָזן — אדרבא, ער האָט זיך ערשט גענומען צו מיר מיט מער פרישקייט, מיט מער קראַפט.

מיט יעדן ביסן וואָס איך האָב אַראָפּגעשלונגען האָב איך אויך געמוזט אַראָפּשלונגען זיינע אַ באַמערקונג ווי „געשמאַק עס איז דאָס ביסעלע באָרשט", און אַז איך דאַרף „שטאַרק הנאה האָבן פון דעם גוטן שטיקעלע קאַלבס-בראַטנדל" און אַז „דאָס לעק צימעס צוגייט זיך פשוט אין אַלע אברים און הלוואי מען זאָל נאָר זיין געזונט און האָבן כוח צו עסן"...

ביי די לעצטע ווערטער איז מיין ייד געוואָרן אַביסל טרויעריק און מיר דערקלערט, אַז ער אַליין איז שוין היינט אַ שוואַכער עסער — נישט פאַר מיר געדאַכט! אַמאָל פלעגט ער קאָנען אויפעסן אַ וועלט, קאַנאהאָרע נישט! אָבער היינט איז שוין נישט דאָס. וואָס איז? דער מאָגן אַרבעט ביי אים עפּעס נישט ווי עס דאַרף צו זיין... ער איז שוין אויסגעווען ביי אַ מאַסע דאָקטוירים, אָבער סע העלפט נישט — ער איז שוין נישט דער אַמאָליקער עסער! ווי קומט עס?! (מיט אַ זיפץ)

אַך! ווען איך זאָל אים געווען זען עסן מיט אַ פֿינף יאָר צוריק...

אָט אַזוי האָט מיך דער ייד אונטערגעהאַלטן ביז וואַנעט איך בין פֿאַרטיק געוואָרן מיט מיין מאָלצייט.

אַז איך האָב שוין געהאַט באַצאָלט און געוואָלט אַרויסגיין, האָט ער מיך העפֿלעך איינגעלאַדן איך זאָל מיט אים אַריינגיין אין קיך — ער וויל מיר ווייזן די קיך זיינע, און וויל וויסן מיין מיינונג, צי איז נאָך ערגעץ פֿאַראַן אין גאַנץ ניו-יאָרק אָט אַזאַ מין סאָרט קיטשנדעל.

איך האָב אים נישט געקאָנט אָפּזאָגן און בין מיטגעגאַנגען.

באַלד זענען מיר געשטאַנען אין אַ האַלב-פֿינסטערער, פֿילפֿאַך שמוציקער קיך, פֿול מיט אומזויבערע כּלים, אַ מיסטקעסל און אָן אַ שיעור קאַקרוטשעס.

— איר זעט — זאָגט ער — אָט איז ביי מיר אַ קיטשנדל, אַז סע שפּיגלט! אין אַנדערע קיטשנס — זאָגט ער און טרייבט מיטן האַנטוך די טשערעדעס מיט קאַקרוטשעס — אין אַנדערע קיטשנס זעט מען אַ מאַסע קאַקרוטשעס... אָבער ביי מיר איז נישטאָ אַ קאַקרוטש פֿאַר אַ מיליאָן... ביי מיר ווערט אַלעס געהאַלטן זויבער — אַז סע בלאַנקט. זאָג איך דעם אמת צי ניין? האַ?

איך האָב אים געמוזט זאָגן, אַז ער זאָגט פּאָזיטיוו דעם אמת.

— און איצט — זאָגט ער און נעמט אַראָפּ אַ פֿלעשל קאַרבאָל-וואַסער און כלייאַפּעט עס אַריין אין מיסט-קעסל — איצט זייט אַזוי גוט און גיט אַ שמעק צום מיסט-פֿעסעלע... וואָס פֿילט איר? קאַרבאָל. ריכטיק, אין אַנדערע רעסטאָראַנען — מאַכט ער — שטינקט, אַז מען קאָן נישט אויסהאַלטן. ביי מיר נישט... ביי מיר — מאַכט ער — איז אַלצדינק סאַני-דאָסיש. ריכטיק צי ניין?

איך האָב אים געמוזט זאָגן, אַז ס'איז ריכטיק ווי נאָלד.

— נו, און איצט — מאַכט ער — און נעמט אַראָפּ פון אויוון אַ שמוציקן טאָפּ און נעמט אים ווישן מיטן האַנטוך — איצט באַטראַכט מיינע טעפּ... מען דאַרף זיי — מאַכט ער — אַ ביסל אויסווישן, זאָגסט, מאַכט ער, זענען זיי ריין ווי גאָלד. עס קאָן גאָר נישט זיין ריינער. האַ?

איך האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ אַלס אַ מין באַשטעטיקונג, אַז ער האָט רעכט.

— און איצט — מאַכט ער — וועל איך אייך אומיסנע צופירן צו מיין אייז-באַקס און אייך ווייזן!

ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ מין כאָליערע-קאַסטן, אויפגעעפנט ס'דעקל, און איך בין שיער אַוועקגעפאַלן פון דעם עיפּושדיקן גערוך פון די פליישן, וואָס זענען דאָרט געלעגן און געשטונקן אויפן ליבער גאָלסטן אויג.

— איר זעט — מאַכט ער און פאַרהאַקט גלייך דאָס טירל, — ביי מיר אַן אייז-באַקסל איז נישט ווי אין אַנדערע רעסטאָראַנען... (אַ ביסל מיט אַ שוואַכער קול) מען דאַרף אים אַ ביסל אויספּאַרן מיט הייסע וואַסער און אים לאָזן זיך אַ ביסל דורכלופטערן... ווייטער, מאַכט ער, איז ביי מיר אַלץ פריש, אַז ס'איז אַ פלעזשע דאַרויף אַ קוק צו טון...

— און איצט — זאָגט ער — וועל איך אייך ווייזן די קעכין מיינע, — העי פראַשקאָ! — האָט ער אַריינגערופן ערגעץ אין דער פינסטערניש — קום אַריין, שנעלער!

באַלד האָט זיך געוויזן עפּעס אַ צעשוואָלענע גויע מיט צעאייטערטע אויגן, מיט אַ זאַק אַרום די לענדן און מיט אַ שרעקלעכן קאטער...

— איר זעט — זאָגט ער — דאָס איז די קעכין מיינע... זי דאַרף זיך — מאַכט ער — אַ ביסל אַרומוואַשן און זיך אָנטון אַ ווייס פאַרטוך און וואָס אנבאלאנגט דעם קאטער — מאַכט ער — וועט ער פאַראיבערגיין... זאָגסט, מאַכט ער, איז ביי מיר אַלץ זויבער, אַז סע בלאַנקט. האַ, וואָס זאָגט איר?

איך האָב שוין מער נישט געזאָגט. איך בין אַוועקגעפאַלן הינטערווייליקס און געהלשט גוטע צען מינוטן אויפן זייגער...

## נאָטוס און פּראָטוס

...איר ווייסט נישט וואָס סע הייסט „נאָטוס" און „פּראָטוס"? קיינמאָל נישט געהערט דערפון? אַך, מיין ליבער פריינט! הלואי וואָלט איך אויך נישט געווען געהערט דערפון, וואָלט איך נישט געקומען צו מיין איצטיקער לאַגע... וואָלט איך איצט געווען אַ פרייער מענטש, גלייך מיט אַלעמען און נישט געפוילט אין פּריזאָן — עך-העי-העי!

איך זיפץ. אוודאי זיפץ איך! ווי אַזוי זאָל איך נישט זיפצן, אַז איך דערמאַן מיך, אַז ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק בין איך געווען יינג, פריש, לעבנסלוסטיק און פול מיט האָפנונג אויף דער צוקונפט... און איצט בין איך אַ פאַרברעכער... אַ מערדער... אַ פאַרשטויסענער פון גאָט און פון לייט — אַנטשולדיקט מיינע טרערן, כ'בעט אייך... איך קען זיך נישט העלפן...

שוין!... איך בין שוין אַביסל באַרויקט. איך וועל אייך דערציילן ווי אַזוי איך בין געקומען צו מיין גרויס אומגליק.

...ווי איר זעט בין איך אַ געזונטער מענטש, מיט אַ גוטן אַפּעטיט. ביי מיר פאַרטיליקן, אויפעסן, פאַרניכטן אַ סטייק פון דריי פונט — איז געווען אַ שפּילכל, אַ גאָרנישט! ניין-צען קאָטלעטן — איז ביי מיר געווען אויף איין צאָן... אַ חוץ דעם בין איך גלאַט געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון פליש... פון אַלערליי פליש. אָקסן-פליש — איז אָקסן-פליש! רינדס —

איז רינדס! לעמטשאַפּס — איז לעמטשאַפּס! גולאַש — איז גולאַש! טשיקען — איז טשיקען... אַז מען שמועסט מיט אייך, אַז כ'האָב ליב געהאַט פלייש אהבת-נפש, איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן!... פלייש איז, הייסט עס, געווען מיין הויפּט-שפּייז, פיר מאָל אַ טאָג פלעג איך עסן פלייש — זויערע פלייש, זיסע פלייש, געפיקלטע פלייש, רויע פלייש, פּאָסטראַמע, קאָרנ-ביעף, וווּרשטלעך, ראָ-אַדע, פלייש מיט פעפערלעך, פלייש מיט מאַסלינעס, פלייש מיט געזויערטע עפּל, פלייש מיט קעטשאַפּ — סתּם פלייש, הקיצור, איכ'ל אייך לאַנג נישט האַלטן: איך בין געווען אַ געוואַלדיקער אכלן פון פלייש. אָן דעם שטיקל פלייש האָב איך נישט געקענט אויסקומען. און וואָס איז דער חידוש? אַז אַ מענטש אַרבעט אין אַן אייזן-פאַבריק, און מען קלאַפּט אַ גאַנצן טאָג מיטן גרויסן האַמער — און מען קלאַפּט פון זיך אַרויס ס'חיות מיטן געזונט, און מען שוויצט פון זיך אַרויס ווי אַ טראָפּן כּח, איז אַ חידוש, אַז מען דאַרף האָבן ס'שטיקל פלייש?

ווער-זשע האָט מיך נישט געלאָזט עסן קיין פלייש, פרעגט איר? הערט-זשע! דאָס וויל איך אייך טאַקע דערציילן, ווער סע האָט מיך געטריבן דערצו איך זאָל ווערן אַ וועגעטע-ריאַנער און זיך אָנהייבן פּאַשען אויף ניסלעך און אויף פינאָטס און ראָזשינקעלעך — אַ מיתה-משונה זאָל קומען אויף אַלע ניס-לעך, מיט אַ-ע ראָזשינקעלעך און סע זאָל אָנהייבן צו ברענען און צו ברענען און צו ברענען... און סע זאָל קיינמאָל נישט אויפהערן!...

הערט אַ מעשה: קומט צוגיין צו מיר עפּעס אַ בחור מיט לאַנגע האָר, אַ באַהעלפעריש בערדל און מיט לייוונטענע הויזן און פרעגט מיך צי איך עס פלייש.

זאָג איך: אַלבעטשי, וואָ'דען?!

זאָגט ער: אויב אַזוי, זענט איר אַ קאַניבאַל! איר גראַבט, זאָגט ער, אייער קבר מיט אייערע אייגענע ציין...

זאָג איך: וואָס פּאָנפעט איר? גאַניבאַל, שמאַניבאַל, קבר,

שמייוועד, — אזוי לאַנג, זאָג איך, ווי אַ מענטש לעבט, מוז ער, זאָג איך, עסן דאָס גוטע שטיקל פלייש...

זאָגט ער: אייער מאָגן איז אַ בית-עולם... און דאס בלוט זאָגט ער, פון אומשולדיקע פעטע טשיקענס וועט פאַלן אויף אייער קאָפ...

זאָג איך: איר זענט אַ משוגענער!

זאָגט ער: כאַכאַ! איך בין אַ משוגענער! משוגע, זאָגט ער, זענען די וואָס זאָגן, אַז איך בין משוגע... איבעריקנס, זאָגט ער, גיט מיר דרייסיק סענט וועל איך אייך געבן אַ ביכל ווו עס פרעדיגצעך אונזער אידעע...

זאָג איך: פאַר דרייסיק סענט קען איך שוין באַלד האָבן אַ גוטן טענדערלאין-סטייק...

זאָגט ער: גיטשע מיר זיבעציק סענט, וועל איך אייך געבן נאָך אַ ביכל, ווו עס באַווייזט זיך, אַז מענטשן וואָס עסן פלייש גייען ייִנגערהייט פון דער וועלט... און שטאַרבן מאַסנווייז פון בלוט-פאַרגיפטונג, וואָס קומט, זאָגט ער, פון מאָגן — אָט, זאָגט ער, איז אַ פיקטשע!

און ער ווייזט מיר אַ פיקטשע פון אַ מת מיט אַ סטייק אין מויל...

ווערט מיר שוין די זאַך אַביסל דאָסיק און איך קויף צוויי ביכלעך און געפין אויס, טאַקע נאָך דעם אייגענעם טאָג, אַז פלייש איז סם-המות, און אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז פאַראַן נאָר איין זאַך וואָס קען זיך פאַרגלייכן צו פלייש, נאָר קיין שום „דראָגעסמאַן" וויל עס נישט פאַרקויפן, דערפאַר ווייל עס איז צו אַ שטאַרקע גיפט... און אויסלאָזן לאָזט זיך אויס אין דעמדאָזיקן ביכל, אַז די בעסטע עסנס קען מען קריגן אין ווערימקרויטס וועגעטאַרישן רעסטאָראַנט, און אויך אַלערליי וועגעטאַרישע בראָשורעס ביליק...

הקיצור, אַז ס'איז געקומען סאפער-צייט, בין איך אַוועק אין ווערימקרויטס רעסטאָראַן, זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און געוואַרט אויפן קעלנער.

באַלד איז צוגעקומען עפּעס אַ בלייכער „הוסנדיקער

הויך־אויפגעשפּראָצטער וועיטער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מיטעליעריקע ציבעלע און געפּרעגט:

— פאַר וויפיל ווילט איר עסן? פאַר דרייסיק צי פאַר פערציק?

— איך עס בלויז פאַר איינעם, זאָג איך, העכסטנס וואָס איך קען עסן, זאָג איך, איז פאַר צוויי, אָבער נישט פאַר דרייסיק.

גיט ער אַ געגעץ, דער וועיטער, און מאַכט:

— איך מיין צי איר ווילט עסן רעגעלע פאַר דרייסיק סענט, צי ספּעשעל פאַר פערציק... מיט פּראָטוס...

זאָג איך: לאָז זיין פאַר פערציק מיט... ווי איר רופט עס, פּאָרטיס... אַבי סע זאָל זיין געשמאַק.

ווערט ער פאַרשווונדן, דער קעלנער, אפשר אויף אַ האַלבע שעה און קומט צוריק עפּעס מיט אַ פּיצעלע שיסעלע, אויף וועלכן עס הויערט עפּעס אַ בלייך, קרענקלעך מאכל.

— וואָס איז דאָס פאַר א מאַכל? — פרעג איך, און נעם אַ טרונק וואַסער.

— נאָטוס — נאָטוס! — מאַכט ער שטאָלץ און גייט אַוועק. באַלד קומט ער צוריק און פרעגט:

— איר'ט עסן אַ סטייק פון נאָטוס צי פון פּראָטוס?

— לאָז זיין, זאָג איך, פאַר אַ טשענדזש פּראָטוס!

ווערט ער ווידער פאַרשווונדן ערגעץ, און קומט אַרויס מיט אַ ברויזעלע טעלערל, אויף וועלכן עס ליגט עפּעס אַ ברוינע געהיימניס און טוליעט זיך צו צוויי בלעטלעך שאַלאַטן.

— נו, זאָגט ער, און גיט אַ געגעץ איבער מיין קאָפּ — איצט וואָס פאַר אַ זופּ ווילט איר?

— וואָס פאַר אַ זופּן האָט איר? — פרעג איך.

— מיר האָבן, זאָגט ער, צווייערליי זופּן, איין זופּ פון נאָטוס און אַ צווייטע פון פּראָטוס...

ווערט מיר קאַלט אין אַלע אברים און איך בורטשע אַרויס: איכל נעמען נאָטוס!...

גיט ער ווידער אַ גענעץ איבער מיין קאָפּ — דער קעלנער — און מאַכט:

— איך וואָלט אייך געראָטן נישט צו נעמען קיין נאַטוס... נאָר פּראַטוס... ווייל פּראַטוס איז געזונטער פון נאַטוס, אַ חוץ דעם, זאָגט ער, האָבן מיר נישט מער קיין נאַטוס, וועט איר מוזן נעמען פּראַטוס.

— לאָז זיין פּראַטוס! — זאָג איך, אַבי זיך אָפּצוטשעפּען פון דעם נודניק...

ברענגט ער מיר עפּעס אַ טעלערל מיט מוטנע וואַסער, אויף וועלכן עס שווימען אַרום צוויי עלנדע היימלאָזע ציבעלעס, ווי פאַרלוירענע שיפן אין ים-הגדול, און ער פרעגט:

— איצט וואָסט איר עסן פאַר צושפּייז?...

— וואָס פאַר אַ צושפּייז האָט איר? — פרעג איך.

— מיר האָבן — זאָגט — צווייערליי צושפּייזן, איינער פון נאַטוס אַ צווייטער פון פּראַטוס...

— פּראַטוס! — בורטשע איך אַרויס און פיל, אַז עפּעס וועט דאָ געשען...

גענעצט ער זיך ווידער אויס איבער מיין קאָפּ און מאַכט צו מיר:

— איך וואָלט אייך נישט געראָטן צו נעמען פּראַטוס, נאָר נאַטוס, ווייל נאַטוס איז געזונטער פון פּראַטוס, אַ חוץ דעם, זאָגט ער, האָבן מיר נישט מער קיין צושפּייז פון פּראַטוס נאָר פון נאַטוס, איר'ט נעמען נאַטוס?

— גיט נאַטוס!

גענעצט ער זיך אַוועק, דער קעלנער, און קומט באַלד צוריק מיט דריי געקאָכטע ראָזשינקעך, און אַ חשד פון אַ געקאָכטער פייג.

— און איצט, זאָגט ער, וואָס'ט איר נעמען פאַר אַ געטראַנק?

— מיר האָבן, זאָגט ער, צווייערליי סאָרט געטראַנקען — איינס פון נאַטוס, ס'צווייטע פון פּראַטוס... נאָר איך וואָלט אייך, זאָגט ער, נישט געראטן צו נעמען קיין נאַטוס, נאָר פּראַטוס, ווייל פּראַטוס, זאָגט ער, איז געזונטער פון נאַטוס, כאָטש נאַטוס איז

אויך אַ געזונט מאכל... אָבער צו פּראָטוס קומט עס נישט, ווייל פּראָטוס, זאָגט ער, אַנטהאַלט אין זיך מער פעטקייט, ווי נאָטוס... אַ חוץ דעם, זאָגט ער, האָבן מיר איצט נישט מער קיין טיי פון באָטוס, נאָר פון פּראָטוס... פריער, זאָגט ער, האָבן מיר געהאַט נאָטוס אויך — נאָר איצט איז אויסגעגאַנגען דער גאַנצער נאָטוס און ס'איז נישט געבליבן מער, ווי פּראָטוס... איך פּערזענלעך, זאָגט ער, האָב בעסער ליב פּראַטוס, ווייל נאָטוס — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

זאָגט איר: אַ מענטש דאַרף זיך איינהאַלטן! ווי אַזוי קען מען זיך איינהאַלטן, אַז מען איז דאָך נישט מער, ווי אַ מענטש? האַ?

# די גראַשיציאַנער

דר. ה. רײנפעלדן אַ מתּנה

דער מענטש װעגן װעמען מיר גײען דאָ מאַכן אַ גאַנצע באַשרײבונג האָט אַ משפּחה — ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ משפּחה פון דרײסיק מאַן שטאַרק. אין דערדאָזיקער משפּחהלע גײען אַרײַן פעטערס, מומעס, שװאָגערס, שװעגערינס, שװעסטער־קינדער און אַלע אַנדערע שלעק און אָנשיקענישן, װאָס גײען געװײנלעך אַרײַן אין אַ משפּחה.

שוין אין די ערשטע טעג נאָך דער חתונה, אַז אַבעל האָט זיך געװאָלט פאַרברענגען מיט זײַן יונגער פרוי, האָט ער נישט געקענט צוליב דער מעכטיקער, ריזיקער, גיגאַנטישער אנװעזנהײט פון זײַן װײַבס קאָלאָסאַלער משפּחה. די נעמלעכע משפּחה איז געקומען געדיכט און אין גרױסע מאַסן און צו אַלע צײַטן פונם טאָג און זיך געלאָזט טראַקטירן מיט אײַנגע־מאַכטס, מיט קיכלעך, מיט ראָזשינקעס, מיט געבראָטענע מאַנדלען, מיט (האַלב־געבראָטענע) שטיקער בהמה אין געשטאַלט פון ביפשטעקס.

די משפּחה — דאָס משפּחהלע — די מישפּאַכטע, איז געװען נישט קײן פּראָסטע משפּחה, ײנגען װי די בערן, מײדן װי די לעמפּערטן, מומעס — מיט זיבן גוידערס, פעטערס מיט קאַשקעטן און מיט אונטערגעהאַקטע װאָנצן; פלימעניקעס — מיט שיך נומער צװעלף און פלימעניצעס, װי פײַערשפּײַענדיקע בערג מיט היטעלעך...

אויף דעם איידעלן אבעל, וואָס האָט זיך אינגאַנצן געבלייכט, ווי אַ פרימאָרגן, וואָס וויל אויפגיין און ווייסט נישט ווי אַזוי — איז נעבעך געווען אַ גאַנץ רחמנות. די משפּחה פּלעגט קומען אינדערפרי און ביינאַכט און אים אויפעסן מיט דער שפּענט! די טיר פון זיין הויז פלעגט זיך נישט צומאַכן — נאָר מ׳איז גֶ עֶ קֻ וֹ מֶ עֶ ן! געגאַנגען איז מען זייער זעלטן, אָבער געקומען איז מען — אַך? ביי יעדער געלעגנהייט!

אַז ס׳איז אַוועק אַ חודש נאָך דער חתונה, האָט זיך אַבעל אָנגערופן צו זיין פרוי מיט דריי פרעג-צייכנס:

— ? ? ?

האָט זי אים געענטפערט מיט פיר אויסרופצייכנס:

— ! ! ! !

האָט ער גענומען רעדן מיט ווערטער, וואָס זענען אָנגע־פילט מיט שפּראַך:

— וואָס וועט זיין מיט דער משפּחה?

האָט זי געענטפערט:

— וואָס זאָל זיין מיט דער משפּחה?

האָט ער געזאָגט:

—וואָס טויג מיר אַזאַ מאַסנפאַרזאַמלונג פון פעטערס, און מומעס און שוואָגערס? איך האָב דאָך נישט חתונה געהאַט מיט אַ קופּעריוניע... אָדער מיט אַ קאַרנעגיע האָל... אָדער מיט אַ היפּאָדראָם...

האָט זי דערויף געענטפערט:

— ווער סע שעמט זיך מיט מיין משפּחה, דער זאָל זיך העלפן. א י ך שעם מיך נישט!

האָט ער געזאָגט:

— ס׳איז נישט קיין פראַגע פון שעמען זיך! סאַ פראַגע פון ווו בין איך ערגעץ אין דער וועלט צום גוטן יאָר? דער קאָפּ גייט מיר ווי אויף אַ יריד... און נאָר סע טומלט זיך, ווי אין אַ מיל... און נאָר סע קלינגען די גאָפּל-מעסער...

האָט זי דערויף געענטפערט:

— ס׳איז מיין משפּחה — מעג זי עסן.

האָט ער געזאָגט:

— עסן — ווי עסן! אָבער — לאָזן זיי אָפּטרעטן אויף אַ מינוט. לאָמיך דיך קענען נעמען אויף דער שויס. לאָמיך קענען געניסן פון מיין ביסל גליק. מיר וועלן דאָך נישט זיין אייביק פאַרהייראַט.

האָט זי געזאָגט:

— וואָס מיינסטו מיט די ווערטער „נישט זיין אייביק פאַרהייראַט"?

האָט ער געזאָגט:

— איך מיין... דיין משפחה וועט אונז אַרויסעסן פון די פאַרהייראַטע ביזנעס... ס'עט אונז נישט קאָנווינירן...

ביי די ווערטער האָט אונזער אַבעל זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט צו זען, וואָס פאַר אַ ווירקונג זיינע רייד וועלן האָבן אויף זיין פרוי. ס'איז אַוועק אַ האַלבע מינוט און די פרוי אַבעל האָט אַרויסגענומען אַ טעלער און — קנאַק! דאַן האָט זי אַרויסגענומען נאָך אַ טעלער און — קנאַק! און דאַן האָט זי אַרויסגענומען נאָך אַ טעלער און — קנאַק! און דאָס אַלצדינג האָט זי געטון שטיל, באַשיידן, און אָן כּעס און יעדעס מאָל, וואָס זי האָט צעבראָכן אַ טעלער, האָט זי צוערשט צונויפגענומען די שטיקלעך, אַוועקגעקערט מיטן בעזעם די שערבלעך און — ווייטער גענומען ברעכן די טעלער, אַזוי לאַנג ביז וואַנען זי האָט אויסגעבראָכן אַ האַלבע שטוב מיט געשיר.

אַז דער שטילער, אומגליקלעכער אַבעל האָט געזען, אַז זי רואינירט אים דאָס ביסל באַלעבאַטישקייט, האָט ער איר אַ קוש געטון אויפן שטערן און איר דערקלערט, אַז ער קען אָן איר נישט לעבן, און אַז ער דאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט אַזאַ זאַנעפּט ווייבל.

באַלד איז אַריינגעקומען אַ פעטער — אַ קצב און גענומען רעדן וועגן — עסן. נאָך אים איז אָנגעקומען אַ מומע און גענומען רעדן, אַז וואָס וועט מען היינט עסן? נאָך איר זענען אָנגעקומען די צוויי שוועגערינס פון האַרלעם און גענומען דערציילן, אַז זיי האָבן אַנומלט געגעסן גראַשיצע, איז דאָס געווען

אַ זעלטענע גראַשיצע. אפשר האָט זי היינט אַ גראַשיצע? ס'איז זייער געזונט צו עסן גראַשיצע, — האָט פאַרענדיקט דער פעטער מ'ט די אונטערגעזעגטע, האַרטע וואָנצן, — לאָשוין זיין גענוג צו רעדן וועגן גראַשיצע... לאָמיר בעסער גיין עפעס עסן!

— ע-סן, ע-סן! — האָט געקרעכצט די משפחה.

מען האָט געשטעלט צום טיש גרויסע שטיקער צוגעסמאַ-ליעטע בהמה — אויף אַזוינע ברעטלעך, פון וועלכע ס'בלוט האָט אַראָפּגערונען, ווי פון אַ שלאַכטפעלד, און די משפחה האָט גענומען עסן מיט פאַרייניקטע קרעפטן.

דער אָרעמער, בלאַסער, איידעלער אַבעל איז געזעסן און געקוקט, ווי מ'עסט אים אויף אַ לעבעדיקן, און ווי מ'זופּט דאָס ברוינע, צוגעזאַלצענע בלוט פון די געבראָטענע שטיקער בהמה און ווי מ'עסט און מ'עסט און מ'עסט און מ'עסט! און ער האָט פאַרוואָרפן מיטן קאָפּ אין חלשות...

די משפּחה האָט אים גענומען מינטערן — קייענדיק בשעת מעשה די בהמה — און געשפריצט אויף אים וואַסער. די מאַדאַם אַבעל אַליין האָט געוויינט און געגעסן אַ גראַשיצע, און זי האָט אים געבעטן, ער זאָל קומען צו זיך, — ער זאָל זיך נישט מאַכן צום נאַר!...

אַז אַבעל איז געקומען צו זיך האָט ער אַ קוק געטון ווי די משפחה שטייט אַרום אים מיט שטיקער פלייש אין מויל און מ'עסט, — האָט ער ווידער פאַרוואָרפן מיטן קאָפּ און ס'האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז אַ ווייסע, איבערגעשראָקענע גראַשיצע, וואָס ווערט פאַרברענט אין פייער פון זיין אידעאַל און — אַז אַ חברה קאַניבאַלן שטייען אַרום אים און מ'עסט אים אויף...

— געוואַלד! — האָט ער אַ געשריי געטון און זיך אויפ-געכאַפּט און געוויזן, אַז ס'איז אים נישט גוט.

— — — — — — — — — — — — — — —

נאָך דערדאָזיקער געשיכטע האָט מען אונזער ליבן אַבעל אַוועקגענומען אין שפּיטאָל אַריין — טויט-קראַנק. זיין פרוי פלעגט קומען צו אים אַלע טאָג און אים ברענגען — די משפחה. די

משפחה ווידער פלעגט ברענגען אין שפיטאל אריין גאנצע פעק מיט עסנווארג און זיי פלעגן דאס אליין אויפעסן.

אבעל (עליו השלום) פלעגט קוקן מיט צעפיבערטע אויגן און טראכטן: וואס האט צו אים די משפחה? און צי האט ער דען חתונה געהאט מיט א גאנצן ווילדן שבט פון שיכהענדלער, קצבים, בלעכערס און גראשיצע-פרעסער? און ער האט זיך דערמאנט, ווי אזוי נאך פאר דער חתונה האט אים זיין איצטיקע פרוי גענומען באקענען מיט איר משפחטע, און ווי אזוי ער פלעגט ווערן מיד אויף די פיס פון ארומגיין זאגן „גוט-ב. ווענט" און געבן שלום-עליכם צו פרעמדע פעטערס און מומעס און שוואגערס און גלידשוועסטערקינדער און שוועגערינס, און ווי אזוי ער האט געמוזט ארויסשמייכלען פון זיך די בעסטע כוחות אויף „עס-פרייט-מיך-זייער-אייך-צו-קענענס", און ווי אזוי דאס משפחהלע האט זיך דערנאך א לאז געטון צו אים — אונטער דער חופה... און ווי אזוי ער האט זיי אלע מקדש געווען מיט איין קליין פיצעלע רינגעל, און ווי אזוי אלע אין דער פרי זייגער א פערטל-נאך זיבן פלעגן קומען צופארן נייע פעטערס פון באלטימאר און פרעגן צי עס איז דא עפעס צו עסן? און ווי אזוי זיין ווייבל פלעגט זיך מיט אים קריגן פארוואס ער נעמט זיי נישט אויף ווי א מענטש... און פארוואס ער רעדט נישט מיט זיי וועגן גראשיצע. און ווי אזוי ער האט פלוצים דערפילט, אז סע גייט אויף אים א ווילדע, אומגעלומפערטע, צעפלאכטענע, הונגעריקע, בראנפן-דורשטיקע משפחה פון כלהס צד, און ווי אזוי זיי באפאלן אים אין מיטן העלן טאג און ווארפן ארויס זיינע ביכער פון דער שאנק און זיי שטעלן אהין אריין — גראשיצעס. און ווי אזוי זיי נעמען אראפ פון די ווענט די זעלטענע בילדער פון ליכטענשטיין און בען-בען און אויערבאך-לעווי און אנשטאט דעם הענגען זיי אויף — גראשיצעס. און ווי אזוי די גאנצע משפחה נעמט זיך אן ביי די הענט און גייט א ווילדן טאנץ ארום א גאלדענער גראשיצע... און ווי אזוי ער שלאגט זיי מיטן שטעקן און סע גייט בראנפן... און די לוחות ברעכן זיך אויף צווייען און סע פאלט ארויס א

גראַשיצע... און די משפּחה פּאָכעט מיט די הענט און שרייט, אַז מ'זאָל זי פירן צוריק קיין מצרים, אַז נישט וועט מען ביי אים צונעמען ס'ווייב...

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

צו דער לויה פון דעם אומגליקלעכן אַבעל איז נאָכגעגאַנגען כמעט די גאַנצע משפּחה און גערעדט אין אַ שטילן טאָן וועגן — גראַשיצע...

# פרעזענטן

דערציילט פון א מענטשן, וואָס
איז ערשט ארויס פון משוגעים-הויז

דאָס איז געווען דער דריטער טאָג נאָך מיין חתונה מיט פעניק. די פיר צימערן, וואָס איך האָב געהאַט געדונגען ערגעץ אויף א לעצטן שטאָק אין סאָפּאָלק סטריט האָבן נאָך אַלץ געגעט-נעצט, געווען הייסט דאָס פּוסט, אָן מעבל און מיר זענען אלץ געזעסן אין שטוב, געהיט די טיר און געוואַרט אויף די צוגע-זאָגטע חתונה-פּרעזענטן, וועלכע זענען מחויב געווען באלד אָנצוקומען.

— הערסטו, פעני -- רוף איך זיך אָפּ צו מיין פרוי, זיצנ-דיק אויף א זייף-קעסטל און עסנדיק א הערינג — אמעריקע זאָל טאַקע לעבן!

— וואָס איז דיר עפּעס מיט אַמאָל איינגעפאלן? — שטעלט זי אויף מיר אויס אירע שיינע, נאָר פארוואָלקנטע אויגן.

— עס איז מיר איינגעפאלן — זאָג איך — אז די אמערי-קאנישע מאָדע צו געבן חתונה-פּרעזענטן איז זייער א פיינע מאָדע. אין דער היים, זאָג איך, וואָלסטו באלד נאָך דער חתונה גע-דארפט אַליין גיין און קויפן און דינגען זיך איבער יעדן שטיקל מעבל, און האָבן פארדראָס און הארצווייטיק, און דאָ, זאָג איך, ברענגט מען דיר די פּרעזענטן אין שטוב אריין. ס'א תענוג!

— יאָ — זאָגט זי — אָבער מען ברענגט דאָך נישט!

— אויב מען ברענגט נישט — זאָג איך — וועט מען ברענגען. ס׳איז נאָר, זאָג איך, אַ פראַגע פון צייט, אָט באַלד, זאָג איך, וועלן מיר האָבן אויסגעפּיקסט אַ הויז, אַז ס׳וועט בלישטשען.

— מיט קאַרפּעטס אין דייַנינג-רום! — ווערט לעבעדיקער מייַן ווייבל, און עס לייַטערן זיך ביי איר אויס די שיינע אויגן.

— און מיט אַ גרינעם לייַברערי סעט — שפּין איך ווייַטער אונזער גאָלדענעם חלום און גרייזשע בעת מעשה אַן עק פון פון הערינג.

— און מיט אַ טשייני-קלאָזעט און מיט קאַט-גלעס און זילבערנע לעפל-גאָפּל-מעסער — גייט שוין מייַן ווייבל זייער ווייַט.

און אַזוי ווי מיר רעדן אַזוי, עפנט זיך די טיר, עס קומט אַריין אַ יינגל מיט אַ פּעקל, און אויפן פּעקל אַ צעטעלע, און אויפן צעטעלע אַן אויפשריפט:

„קאָמפּלימענטס פראָם סאָלאָווייטשיק״.

— ווער איז ער דאָס דער סאָלאָווייטשיק? — פרעגט מייַן פרוי.

— סאָלאָווייטשיק — זאָג איך — איז מייַן שוועסטערקינד פון אַפּטון, דער וואָס האָט מיר צוגעזאָגט קויפן אַ טוץ זילבערנע לעפל.

און איך עפן דעם פּעקל און געפין דאָרט אַ מאַרמאָרנעם זייגער.

— נאַ, שטעל אים אַוועק אין פראָנט-רום אויפן מענטעל-פּיעס און לאָז אים גיין! — גיב איך אים איבער צו מייַן פרוי מיט אַ גדלות, ווי אַ קוואַטער, אַ שטייגער, גיט איבער דאָס געמלעטע קינד צוריק צום פאָטער.

— האָבן מיר שוין דעם פונדאַמענט! — מאַכט מייַן ווייבל, נעמט דעם זייגער אין די הענט אַריין און קאָן זיך גאָרנישט זאַט אָנקוקן אויף אים.

— און איצט — זאָג איך — וועלן זיך נעמען שיטן די אמתע פּרעזענטן, די ריכטיקע!

שאַ, אין וועלכער זייט וועלן מיר שטעלן סייד-באָרד,

וואָס די טשאַטשקין האָט אונז צוגעזאָגט? — וויל שוין וויסן מיין יינגע פרוי.

אָבער נאָך איידער איך האָב צייט צו ענטפערן — קליפּ-קלאַפּ! עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ יינגל מיט אַ פּעקל אין האַנט, און אויף דעם פּעקל אַ צעטעלע, און אויף דעם צעטעלע אַן אויפשריפט: „קאָמפּלימענט פון די טשאַטשקין פעמילי".

איך האָב צעעפנט דאָס פּעקל, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ שיין, מעשן זייגערל — פון מיטלמעסיקער גרויס.

— נאַ, שטעל אים אַוועק אין דייני‌נג-רום אויפן מענטעל-פּיס און לאָז אים גיין! — זאָג איך צו מיין פרוי — דאַנקען גאָט, זאָג איך, מיט זייגערס זענען מיר שוין באַזאָרגט.

— ווייסטו וואָס מיר איז איינגעפאַלן? — מאַכט מיין ווייבל און נעמט ביי מיר צו דאָס שיינע זייגערל פון מיטל-מעסיקער גרויס.

— וואָס? — פרעג איך.

— מיר איז איינגעפאַלן — מאַכט זי — אַז מיר וועלן נישט האָבן ווו צו שטעלן דעם גרויסן טיש, וואָס לייבעזאָן האָט אונז צוגעזאָגט צו שיקן, ווייל —

אָבער איידער מיין פרוי האָט צייט געהאַט צו ענדיקן — קליפּ-קלאַפּ! עס קומט אַריין אַ שיק-יינגל מיט אַ קליין פּעקעלע און אויפן קליינעם פּעקל אַ צעטעלע, און אויפן צעטעלע אַן אויפשריפט: „קאָמפּלימענט פראַם יוד דיער פרענד לייבעזאָן".

איך עפן פונאַנדער דאָס פּעקעלע, און געפין דאָרט אַ קליין, שוואַרץ זייגערל, מיט אַ געשניצטן געזימס.

— נאַ, שטעל עס אַוועק אין קיך און לאָז עס גיין! — גיב איך עס איבער צו מיין פרוי.

— חידוש — זאָגט זי — וואָס מען זעט גאָרנישט דעם פּאַרלאָר-סעט פון מיין שוואָגער קוצין.

— מסתמא באַלד קומען — זאָג איך.

און עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַן איירישער

גוי, מיטן היטל אין איין האַנט און מיט אַ צעטל אין דער אַנ־דערער האַנט.

— ווינען דאָ די־און־די?

— יאָ! — זאָג איך שטאָלץ — דאָ ווינען די־און־די.

— און נישט יענע־און־יענע? — וויל זיין זיכער דער איירישער גוי.

— און נישט יענע־און־יענע! — פאַרזיכער איך אים.

— אויב אַזוי, האָב איך פאַר אייך עפּעס? — מאַכט ער עס בקיצור, און ער עפנט פונאַנדער די טיר און טאַסקעט אַריין אַ הילצערנעם קאַסטן.

געעפנט דעם קאַסטן האָב איך דאָרט געפונען אַ גרויסן הילצערנעם זייגער מיט אַן אומרו און מיט צוויי גרויסע הילצער־נע פויגל. אויף איינעם פון די פויגל איז געהאָנגען אַ צעטעלע: „קאָמפּלימענט פראַם יור שוואָגער קוצין״.

— נו, איצט האָבן מיר שוין גענוג זייגערס! — מאַך איך צו מיין פרוי, — שלעפּ אַרויס די כלי פונם שטרוי, שטעל אים אַוועק אינמיטן שטוב און — צעוויג אים.

— נעווערמיין, גענוג זייגערס! — מאַכט צו מיר מיין פרוי אויף ריינעם יידיש, און גיט מיר אַ קוש און אַ פעטשל צוזאַמען. — האָבן מיר דען נישט פיר רומס? אין יעדער רום אַ זייגער. פיר רומס — פיר זייגערס!

— באַ! זאָג איך און רייב זיך דעם שטערן — איך וואָלט שוין בעסער געוואָלט זען, וואָס מיין פעטער ראָזענבוים וועט מיר געבן פאַר אַ מתנה.

און ווי איך רעד אַזוי צו איר — האַק־טאַרעבאַך! מען זעצט אין טיר. איך לויף אַקעגן, עפן זי אויף און ס׳קומט אַריין מיין פאַרשוויצטער פעטער ראָזענבוים מיט אַ פּאַק אין האַנט, וועלכן ער עפנט באַלד פונאַנדער און שלעפּט פון דאָרטן אַרויס — שוין נישט קיין זייגער, נאָר... צוויי זייגערס: אַ וועק־זייגער צום וועקן און אַ פראָנטרום־זייגער — פאַר דער פראָנט־רום.

— עף! — פרייכט ער און שטעלט אַוועק דידאָזיקע צוויי־

זייגערס אויפן דיל: זאָלט איר פאַרנוצן געזונטערהייט... עף... מיין מתנה. ווי געפעלן אייך... עף... פיינע צוויי זייגערס?

— זייער אַ פיינע מתנה — זאָגט מיין פרוי און דריקט אים די ר ע כ ט ע האַנט.

—און זייער אַ נ ו צ ל ע כ ע מתנה! — זאָג איך און דריק אים די לינקע האַנט.

— איך האָב אייך... עף... געוואָלט קויפן נאָך איינעם!— פאָכט מיין פעטער אויף זיך מיט זיין טאַשנטיכל — נאָר איך האָב נישט געוווסט — מאַכט ער — צי איר קערט אַזוי פאַר זייגערס!

— וואָס רעדט איר? — זאָג איך און פיל, ווי איך פאַל ביסלעכווייז אַריין אין היסטעריע — זייגערס זענען מיין גאַנץ לעבן! נאָך פון קליינערהייט אָן האָב איך נישט געקאָנט לעבן אָן זייגערס...

ביי דידאָזיקע ווערטער האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען מיין מומע מיט אַ ס ע ט פאָרצעלייען געשיר.

אָבער איך בין שוין געווען אַזוי צערודערט, אַזוי היס-טעריש, אַז איך האָב נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר.

איך האָב אָנגענומען מיין מומע ביים שייטל, האָב זי אַרויסגעשלעפט אין האָל אַריין, צובראַזגעט דעם גאַנצן דינער-סעט, און גייענדיק אַ טענצל אויף די פאָרצעלייענע חורבות האָב איך געכליפּעט און געשריגן:

— גיט מיר זיי-גערס! אַ האַל-לאַט זייגערס! רינגלט מיך אַרום מיט זייגערס! איך מוז האָבן זיי-גערס! איך דאַרף נישט קיין טיש, קיין בעט, קיין בענקלעך, קיין קליידער, קיין ווייב, נאָר זיי-גערס, — אַ האָל-לאַט זייגערס!!

...ערשט נעכטן, זייגער עלף, בין איך אַרויס פון בעלוויו האָספּיטאָל!..

## אַ משפּחה־פעלער

ער איז געשטאַנען אויף יענער זייט גראַטעס, אָנגעטון אין זיין געשטרייפטן אַנצוג, און מיר אויסדערציילט זיין ביטער האַרץ אויף פאָלגנדן אופן:

מענטשן מיינען, אַז איך בין אַ שלעכטער פאַרדאָרבענער יונג. אָבער דאָס איז נישט אמת. אדרבא. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך בטבע גאָר אַ ווייל מענטשל. ריין ווי אַ בייבי. האָב אַ גוט האַרץ אויף יידן און אומשולדיק — אַזש סאַ פּחד'אַי, ווי אַזוי קום איך צו מיין איצטיקער לאַגע, מיסטער נאַדיר? וועל איך אייך דערציילן, אַז אין מיין גאַנצן אומגליק איז קיינער נישט שולדיק נאָר מיינע עלטערן? דוכצעך אַזוי זענען זיי דאָך גאַנץ אָנגעזועענע מענטשן... נעמט דעם טאַטן מיינעם, למשל, כאָטש ער איז מיין אייגענער טאַטע, פונדעסטוועגן מוז איך אויף אים זאָגן דעם אמת, אַז ער איז אַ הויפּט ערלעכער מענטש. יענעמס פּעני איז ביי אים אַן אויג אין קאָפּ און פון טון יענעם שלעכטס איז דאָך אָפּגערעדט. און דאָס נעמלעכע מיט דער מאַמען מיינער. סע פּאַסט נישט צו זאָגן, אָבער דער אמת איז, אַז זי איז אַן אמתע צדקניות. און גוט אויס דער נאַטור! נאָר... אויב איר לעזט אַמאָל די אַרטיקעלס אין די פּייפּערס וועט איר זען, אַז איך בין פאָרט אַ קרבן פון מיינע טאַטע־מאַמע. אַזוי שרייבן כמעט אַלע פּראָפעסאָרן אין די ענגלישע זונטאָג־פּייפּערס. זיי רופן דאָס אָנעט „הערעדיט". דער טייטש דערפון איז, אַז... אַן אינד־

זשיווידזשיום איז אַליין נישט רעספּאָנסיבל פֿאַר זײַנע פֿאַר־ברעכנס, ביקאָז — דאָס קומט בירושה און מען קען זיך גאָר־נישט העלפֿן — קען מען זיך נישט!

אָט נעמט מײַן אייגענעם פֿאַל, למשל.

שוין בײַ מײַן זעקסטן יאָר האָב איך געהאַט אַ טבע, אַז איך פֿלעג ליב האָבן גנבענען. וואָס די אויגן האָבן דער־זען האָבן די הענט פֿאַרטשעפּעט. געלט — איז געלט. פּייפּע־לעך — איז פּייפּעלעך. קאַרשן אויף די ביימער — איז קאַרשן אויף די ביימער. און עס איז געקומען אַזוי ווײַט, אַז בײַ מײַן זיבעטן יאָר, האָב איך שוין געגנבעט געלט פֿון אַ מאיר־בעל־הנס־פּושקע. בײַ מײַן אַכטן יאָר האָב איך אַרויסגעגנבעט דעם זילבערנעם עץ־החיים פֿון ארון־קודש און אים פֿאַרקויפֿט צו אַ גוי פֿאַר עטלעכע קאָפּיקעס. וואָס האָט דער טאַטע געזאָגט? וואָס האָט ער געזאָלט זאָגן?! ער האָט מיך געשלאָגן ווי אַ הונט! און אַז שלאָגן האָט נישט געהאָלפֿן — האָט ער גערעדט צו מיר מיט גוטן. געוויינט, געגאָסן טרערן איבער זײַן שיי־נער באָרד. די מאַמע האָט געחלשט, געקלאָגט. זיך געריסן די האָר פֿון קאָפּ. אָבער איך האָב זיך נישט געקענט העלפֿן. ווײַל דאָס איז אַזאַ געירשנטער פֿעלער בײַ מיר!

נאָכדעם די מעשה מיטן מלמד. מיינט איר, עס האָט מיר נישט וויי געטון ס'האַרץ אויף אים? אַ טאַטע פֿון קליי־נע קינדער. אַ שטיל מענטשל ווי אַ פֿליג. נו, וואָס האָב איך געזאָלט טון, אַז איך האָב אים פֿאָרט געוואָלט אויסדרייען אַ פּוס און אים מאַכן פֿאַר אַ קאַליקע דערפֿאַר וואָס ער האָט מיר געהייסן מעביר זײַן די סדרה? האַ?!

צי נעמט די צווייטע מעשה מיט דעם בעקער, וועלכן איך האָב אַרײַנגעשטופּט אין אַ גליענדן באַק־אויוון. מיינט איר איך האָב עפּעס געהאַט צו אים? איך האָב אים אַפֿילו נישט רעכט געקענט! נאָר אַז איך בין אַרײַנגעקומען אין בעקערײַ־קעלער און דערזען, אַז ער שטייט נעבן אַ פֿאַר־שוויצטער בײַם אויוון און זעצט ברויט, האָב איך אים דער־לאַנגט אַ קנאַק איבערן קאָפּ מיט אַ בלעכדזשעק, צוגענומען

ביי אים דאָס ביסל מינץ פון די קעשענעס און אים אָנגענומען היגטערווייַלעכס פֿאַר די לאַנגע פּיס און אים אַריינגערוקט אין אויוון אַריין.

מיינט איר צו זאָגן, אַז איך אַלס אינדזשיווידזשיום בין שולדיק אין אַ פֿאַרברעכן? גאָרנישט: עס האָט זיך פֿאַרגלוסט — האָב איך געטון. נישט אַזוי? טאָ ווער-זשע איז שולדיק אויב נישט די... „הערעדיט".

צי נעמט דעם פֿאַל מיט דעם פּיקל-מאַן, וועלכן איך האָב צושניטן אויף זעקס שטיקער און אַריינגעלייגט אין אַ קאַסטן, און דאַן האָב איך דעם קאַסטן אַריינגעוואָרפֿן אין ריווער. דענקט איר פּיליייכט, מיסטער נאַדיר, אַז איך האָב עס געטון דערפֿאַר ווייל איך בין חלילה אַ פֿאַרדאָרבענער מענטש? חלילה. איך האָב עס בלויז געטון דערפֿאַר... ווייל איך האָב געפּילט ווי עמיצן צו דערהרגענען. טאָ וועמען קען מען דערפֿאַר בליימען — אויב נישט מיינע עלטערן?

צי נעמט אַ שטייגער די איצטיקע קייס מיט דעם מיידל, פֿאַר וועלכן מען האָט מיך פֿאַראורטיילט צום עלעקטריטשער. גלויבט איר אויף אַ מאָמענט, אַז איך האָב דאָס געטון דערפֿאַר, ווייל איך האָב נישט האַלט קיין מיידלעך? אַדרבא. נישט מער, זי האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין אין גאַס, האָב איך איר דערלאַנגט אַ זעץ אין פּלייצע מיט אַ מעסער, דערנאָך האָב איך איר אַריינגעשאָסן עטלעכע קוילן, און ווען זי איז אַנידערגעפֿאַלן אַ טויטע, האָב איך זי צוגעטאָפּטשעט מיט די פּיס. דאַצאַל. דאָס קינד אירס האָב איך נאָכדעם אַריינגעלייגט אין אַ זעקל. עס אַוועקגעטראָגן צום וואַסער, עס אָנגענומען ביי די פּיסלעך ווי אַ הינדל און אַריינגעוואָרפֿן אין וואַסער אַריין — פּליוך!

מיינט איר צו זאָגן, אַז איך האָב דאָס געטון ווייל איך בין נישט קיין אַנשטענדיקער מענטש? אָדער אַ ביסל אַן אויפֿגערעגטער? סעהעבציכנישטאָן! איך האָב עס געטון דערפֿאַר, ווייל איך האָב געפּילט ווי עס צו טון... ווייל עס איז שוין ביי מיר אַזאַ משפּחה-פֿעלער. פֿון צייט צו

צייט מוז איך דערמאָרדן ענטוועדער אַ פרוי אָדער אַ מאַן. צמאָל קומט מיר אָן — דערמאָרד איך אַ קינד אויך. אָבער, ווי געזאָגט, דרינגען דערפון, אַז איך בין אַ פאַרדאָרבענער מענטש, ווי מאַנכע פון אייערע שרייבער טון, — דאָס איז נישט ריכטיק. איך באַהויפּטע, אַז איך בין יאָ אַן אנשטענדיקער מענטש! די צרה מיט מיר איז בלויז, וואָס איך וויל זיך נישט איינהאַלטן. סע לוינט זיך מיר נישט. ווייטער, ווען איך זאָל נאָר ווען, וואָלט איך געקענט זיין אַ מענטש מיט מענטשן גלייך.

היינט וואָס-זשע זאָגט איר, אַז אַ מענטשן ווי איך דאַרף מען שניידן אין שטיקער און וואַרפן פאַר די הינט! ווּ איז דער שכל? און ווּ איז דאָ דער גרויסער חטא וואָס איך האָב באַגאַנגען, דערמיט וואָס איך סטיק צו מיינע משפחה-פעלער? אדרבא, וואָס גיט איר אַ שפּיי און לויפט צוועק?...

## מען וואָלט געקענט לעבן, נאָר מע׳לאָזט נישט

**אַ לעבנסבאַשרייבונג**

שוין קליינערהייט האָט ער געהאַט אַ טבע צו גנבענען און כאַפּן פון די שטעלן. אַלץ וואָס ער האָט געזען האָט ער פאַרטשעפּעט. אויב נישט מיט דער האַנט איז מיט אַ פוס, איז נישט מיט אַ פוס, איז בדאי מיט אַן אויג... אַבי עפּעס!

איינמאָל בשעת ער איז געשטאַנען לעבן אַ זיצערקע און באַטראַכט ווי זי מעסט די פעטע קאַרשן אין אַ גלעזל, האָט ער אָפּגעטשאַטעוועט אַ מינוט, ווען די זיצערקע האָט זיך פאַרקוקט, און אָנגעכאַפּט אַ פולע זשמעניע מיט שוואַרצע קאַרשן...

אָבער די זיצערקע האָט אים געכאַפּט ביי דער האַנט, אים גוט אויסגעפאַטשט די פּיסקעס און צוריק צוגענומען די קאַרשן.

דעמאָלט האָט ער, צום ערשטן מאָל, געמאַכט די באַמערקונג:

— מען וואָלט געקענט לעבן, נאָר מע׳לאָזט נישט!

---

אַז ער איז אונטערגעוואָקסן און געוואָרן אַ בחור האָט ער גענומען גלוסטן צו שיקסעס. ער איז געווען געזונט, גוט-

אַנטוויקלט, נישט קיין מיאוסער — האָט ער געהאַט מער-ווייניקער מזל.

האָט ער זיך איינגעליבט אין אַ שיקסע מיטן נאָמען קאַשיאַ, אַ הויכע, אַ געשטופּלטע ערלטע, מיט הענט וואָס זענען געווען פאַרברענט פון קאָסען דאָס היי יעדן זומער און מיט אויגן וואָס האָבן געלויכטן ווי אונטערגעצונדענער בראָנפן...

אַ חנעוודיקע שיקסע!

נאָר איינמאָל האָט זיך פאַרלאָפן אַ מעשה, אַז קאַשיאַס פאָטער, אַ פּשוטער ערל, מיט גוֹלנישע וואָנצעס, האָט עפּעס באַמערקט נישט קיין שיינע זאַך פון זיין קאַשיאַן און פון איר יידישן געליבטן, און אַזוי ווי ער, דער פאָטער, האָט גראָד אין יענעם מאָמענט געהאַלטן אין האַנט אַ גראַבליע, האָט ער דערלאַנגט דעם בחור מיט דער גראַבליע און האָט אים שיער געמאַכט פאַר אַ קאַליקע.

— מען וואָלט געקענט לעבן, נאָר מע'לאָזט נישט!

אַזוי האָט באַמערקט דער צעדמטער בחור און איז אַנטלאָפן איבער די פעלדער...

---

ער איז געקומען קיין אַמעריקע.

אין אָנפאַנג האָט ער געפּעדעלט, פאַרשוואַרצט געוואָרן, אָבער מיט דער צייט האָט ער זיך אויסגעגרינט, האָט זיך באַקענט מיט די בחורים, וואָס האָבן געגאָלטע נאַקענס, טראָגן קאַשקעטן מיט קעסטעלעך און די דזשיקעס אויף אַ זייט...

און ער איז געוואָרן מיט זיי איין לעבן, מיט איין נשמה.

און ער האָט ווידער גענומען גלוסטן.

גלוסטן רייך צו ווערן.

איז ער אַריין אין אַ באַנק-געשעפט. אַ כאַפּ געטון פון פענסטער עטלעכע טויזנט דאָלאַר בילס און געוואָלט אַנטלויפן.

האָט דער ספּעשעל פּאָליסמאַן אויסגעשטרעקט די אָרעמס, אים צוגעדריקט צו זיין ברוסט און אים געשלאָגן טויט־שלעק.

אין געריכט האָט דער פֿאַראורטיילטער באַמערקט:

— מען וואָלט געקענט לעבן, נאָר מע'לאָזט נישט!

---

פון פּריזאָן איז ער אַרויסגעקומען אַ געענדיקטער — טשאַכאָטניק. ער האָט געהוסט און אונטערגעשפּיגן מיט בלוט. זיין פּנים איז געווען געל ווי זיין — נאַטור, און די אויגן האָבן געקוקט אַזוי רחמנותדיק פון אונטער דעם דאַשיק פון קאַשקעט...

די אויגן פון אַ בעל־תשובה...

ער האָט געוווסט, אַז ער וועט לאַנג נישט לעבן, האָט ער גענומען זיך דערמאָנען אין דער היים, אין טייך וואָס האָט אים צוגערוישט די ערשטע סודות פון לעבן, אין זיין מוטערס בלייכע הענט, וואָס טונקען זיך אין גלאַנץ פון שבת־ליכט. אין די געשטופּלטע קאַשיא... אין די ווייסע גערטנער — מיט קאַרשן־צוויַגט.

האָט מען אים אַוועקגענומען אין אַ שטאָטישן סאַנאַטאָריום, אַרויסגעשטעלט אים אין דרויסן און אים געלופטערט...

און גערייניקט זיין נשמה — מיט דעם ריינעם ליכט פון גאָטס זון...

אָבער איינמאָל, אין אַ פּייכטן פרימאָרגן האָט זיך אונטער זיין בעטל אַוועקגעשטעלט דער מלאך־המות, אַריבערגעוווּנקען צו אים און געזאָגט: „קום!"

— מען וואָלט געקענט לעבן, נאָר מע'לאָזט נישט! — האָט ער צום לעצטן מאָל באַמערקט און איז אויסגעגאַנגען...

# מיין ערשטער דעפּאָזיט

איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען. ווי אַזוי עס איז מיר גאָר איינגעפֿאַלן אַזאַ געדאַנק צו נעמען מיינע בלוטיקע געלטער און זיי אָנגעטר׳יען אַ באַנק! אָבער עס איז געשען. מוצאי־חנוכּה פֿון היינטיקן יאָר האָב איך גענומען מיינע שווער פֿאַרהאָרעוועטע געלטער — מיינע צוואַנציק דאָלאַר — און זיי אַוועקגעטראָגן אין באַנק אַריין און אָנשטאָט געלט — לעבעדיק געלט, וואָס מען קען דערמיט קויפֿן וואָס מען וויל, האָב איך געקריגן עפּעס אַ גרין ביכעלע, צונויפֿגעלעגט אין אַ געל קאָנווערטל, — און דאָס אַלעס. אַז איך האָב דאָס דערזען איז מיר איינגעפֿאַלן ס׳האַרץ, און איך האָב שוין חרטה געהאַט אויף דעם גאַנצן ענין.

ערשטנס איז מיר נישט געפֿעלן געוואָרן דאָס בחורל וואָס שטייטביים פֿענסטערל און נעמט צו ס׳געלט. אַ יינג בחורל, נישט קיין פֿאַרהייראַטס. וואָס טו איך אים, אַז ער נעמט צו ס׳געלט און אַנטלויפֿט? און צווייטנס איז מיר נישט געפֿעלן ווי אַזוי ער האָט מיך באַהאַנדלט: צוגענומען ס׳געלט, אַ כאַפּ געטון עפּעס אַ ביכעלע, אַריינגעשריבן דאָרטן וואָס־נישט־איז, דערלאַנגט דערמיט אַ קנאַק אויפֿן פֿענסטערל און אַ זינג געטון: „נעקסט״!...

אַזוי גיך ווי איך האָב געקראָגן ס׳ביכעלע האָב איך אַ קוק געטון אינעווייניק און... עס איז אין מיר פֿאַרקילט געוואָרן ווי איך האָב געהאַט אַ טראָפּן בלוט. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ

מין געשריפטס? און ווי אַזוי וועט ער עס קענען איבערלייענען? און פון וואַנעט ווייסט ער, אַז סע מאַכט צוואַנציק?... „עי!" האָב איך געטראַכט, „עפּעס געפעלט מיר נישט דער גאַנצער עסק!"... און איך בין צוגעלאָפן צום פענסטערל, אָוועקגעשטופּט דעם יידן וואָס איז געשטאַנען אין ליין און אַריינגעשריגן צו דעם בחורל דאָרטן אינעווייניק. „העי!" האָב איך אים אַריינגעשריגן, „איך האָב אייך אָקאָרשט אָוועקגעגעבן צוואַנציק דאָלאַר!"

— וואָס-זשע ווילט איר? — מאַכט צו מיר דאָס קאַסירערל און פאַרשניצט זיך אַ בלייפעדער.

— איך וויל, אַז איר זאָלט נישט זיין אַזאַ עזות-פּנים! — זאָג איך — אַז נישט כאַפּסדו אַ פּלעם איבער די פּיסקעס אַז דער גוטער יאָר וועט דיך צונעמען.

מאַכט ער צו מיר: מיסטער, וואָס ווילט איר? איך האָב אייך געגעבן אַ ביכל? — דאַצאָל!

— איצע נאָך! — זאָג איך. — איך וויל מיט דיר מער נישט רעדן, דו בלוטזויגער, — זאָג איך — וואָס דו ביסט. איך זע שוין, — זאָג איך, — אַז איך בין דאָ אַריינגעפאַלן אין די ריכטיקע הענט. גיב מיר צוריק — זאָג איך — ס'געלט און לאָמיר — זאָג איך — זיין אויס מחותנים.

מאַכט ער צו מיר: צימפּאסיבל!

זאָג איך: אי'כל דיר באַלד געבן אַ צימפּאסיבל, אַז דער גוטער יאָר וועט דיך צונעמען. שווינדלער, — זאָג איך — וואָס דו ביסט. מ י ט  מ י ר — זאָג איך — וועסטו נישט מאַכן אַזעלכע שטיק. גיב אַהער די געלטער — זאָג איך — איידער — זאָג איך — איך רוף פּאָליציייסקע און איידער — זאָג איך — איך שריי געוואַלט. גע-ווא-לט! — צעשריי איך זיך אויפן קול — גע-ווא-לט!

דערהערט אַז איך שריי געוואַלט, איז ער שוין געוואָרן אַ ביסל ווייכער, — דער בחור, און מיר געגומען געבן צו פאַרשטיין, אַז איצט קאָן ער מיר נישט צוריקגעבן ס'געלט, אַז איך מוז וואַרטן צוויי וואָכן. סאַ רול אַזאַ.

זאָג איך: אויב אַזוי, טאָ לייענט־זשע מיר איבער וואָס איר האָט אַריינגעשריבן אין ביכעלע. לאָמיך זען, — זאָג איך — צי איר ווייסט וואָס איר האָט דאָרטן אַריינגעשריבן. עפּעס — זאָג איך — האָט איר עס מיר געמאַכט צו שנעל. עס גלויבט זיך מיר נישט, — זאָג איך, — אַז מען זאָל אַזוי גיך קאָנען פאַרשרייבן אַזויפיל געלט.

נעמט ער ביי מיר צו ס'ביכעלע און לייענט איבער: צוואָנציק טולער.

זאָג איך: אָלרייט. געדענקט־זשע! עס איז צוואָנציק טולער! און זאָלן די יידן — זאָג איך — וואָס שטייען לעבן פענסטערל זיין עדות. יידן! — זאָג איך — זייט עדות, אַז איך האָב דאָ אין באַנק צוויי קנאַקענדיקע צענערלעך!

און איך גיי אַהיים מיטן ביכעלע.

מילא פאַרשטייט זיך, אַז פון שלאָפן איז שוין געווען אָפּגערעדט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז רויבער זענען באַפאַלן די באַנק און מען האָט אויסגערויבט ווי אַ פעני. עטלעכע מאָל דורך דער נאַכט האָב איך זיך אויפגעוועקט און געשריגן געוואַלט, און אַז עס איז געוואָרן טאָג, האָב איך די ערשטע זאַך געכאַפּט די קאַר און צוועקגעלאָפן צו דער באַנק.

זי איז געווען גאַנץ. נישט אויסגערויבט. אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פון האַרץ.

נאָר אַזוי ווי איך בין אַזוי געשטאַנען ביי דער באַנק און באַטראַכט דאָס פענסטער, איז מיר איינגעפאַלן, אַז די גראַטעס זענען צו שוואַך און אַז מען דאַרף האָבן נייע גראַטעס.

בין איך שוין אַזוי געשטאַנען מיטן לאָנטש־קעסטל אין האַנט און געוואַרט ביז דער פּרעזידענט פון באַנק וועט אָנקומען.

אַז דער פּרעזידענט איז אָנגעקומען, האָב איך אים פאַרנומען אָן אַ זייט און אים געזאָגט, אַז ער מוז האָבן נייע

גראַטעס פאַר דער באַנק און נאָך מיין מיינונג — זאָג איך — איז די גאַנצע געביידע אַ שוואַכע, און מען דאַרף זי איבער־בויען. מען דאַרף זען — זאָג איך — אַז די גאַנצע געביידע זאָל זיין פון סאַמע מ ע ר מ ל ש ט י י ן, ווייל מערמלשטיין — זאָג איך — איז האַרט.

מאַכט ער צו מיר: אָלרייט. איך דאַנק אייך פאַר דער עצה.

זאָג איך: געדענקט־זשע, למעה״ש! אַ נייע געביידע פון מערמלשטיין! און נייע גראַטעס... און עס זאָל זיין — זאָג איך — גוט באַוואָרנט... איך בין עקסטרע — זאָג איך — געקומען צו לויפן פון בראָנזוויל... ווייל סע האָט זיך מיר — זאָג איך — געחלומט אַז מען האָט אונז באַגנבעט...

און איך לויף אַוועק צו דער אַרבעט,

פאַרנאַכט, אַז איך דאַרף צהיימפאָרן, טראַכט איך: איכ׳ל פאַרבייגיין די באַנק זען וואָס סע הערט זיך. מען קען קיינמאָל נישט וויסן — טראַכט איך — וויאַזוי אַ זאַך מאַכט זיך. סאמעריקע! — טראַכט איך.

איך קום אַזוי צו צו דער באַנק און איך גיב אַ קוק, זע איך: עפּעס אַ ייד פליט אַרויס פון באַנק און — הייבט אָן לויפן.

הויב איך אָן שרייען געוואַלד! און — איך לויף אים נאָך... אַזוי לאַנג ביז וואַנען אַ פּאָליסמאַן האָט אים אָפּגעשטעלט און וואָס, מיינט איר, האָט זיך אַרויסגעוויזן? עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ייד איז אָנגעשטעלט אין באַנק און אַז ער איז געלאָפן כאַפּן אַ קאַר, ווייל דאָס ווייב גייט גים צו קינד מיט אַ מיידעלע.

האָב איך מיך אַ קאַפּעלע פאַרשעמט און אַהיימגעפאָרן. אָבער שלאָפן האָב איך ווידער נישט געקאָנט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר אַלץ אויסגעדאַכט, אַז דאָס קאַסירערל, וואָס האָט מיר געגעבן ס׳ביכל, האַלט אין דער האַנט אַ זעקל מיט געלט און לויפט. און איך נ אָ ך  א י ם...

און איך האָב ווידער עטלעכע מאָל געשריגן געוואַלד פון שלאָף און געוואָרפן מיט די הענט, און שיער דערהרגעט די בייבי...

צומאָרגנס גאַנץ פרי בין איך אַוועק צו אַ לאַנדסמאַן, וואָס וווינט גראָד אַקעגן דער באַנק, און איך האָב אים צו־געזאָגט דרייסיק פּראָצענט פון דעם פּארלוסט, אַבי ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף דער באַנק און ער זאָל זי וואטשען. „וואטש!" האָב איך אים געבעטן, „זייַ און וואטש! לאָז נישט אַראָפּ — זאָג איך — אַן אויג פון דער באַנק, און אַזוי גיך — זאָג איך — ווי גאָט וועט מיר העלפן און די צוויי וואָכן וועלן בשלום אַריבער, איז כאַפּ איך גלייך אַרויס — זאָג איך — די צוואנציק טולער, און לאָזן זיך — זאָג איך — אָנצינדן אַלע בענק. מער, — זאָג איך — טרעט איך דאָרט נישט אַריבער די שוועל!"

דערווייל גייען אַוועק נאָך צוויי טעג, לייען איך אין די פּייפּערס, אַז מ'האָט באַגנבעט אַ באַנק, ערגעץ אין די בראָנקס. לויף איך אַוועק צום פּרעזידענט פון מיין באַנק און זאָג אים:

— ס'איז ביטער!

מאַכט ער צו מיר: וואָס איז דער מער?

זאָג איך: מען גנבעט!

זאָגט ער: ביי מיר וועט מען נישט גנבענען! מיין באַנק איז באַוואָרנט.

זאָג איך: נו, און וואָס טוט איר, למשל, אַז אייער קאַסירערל כאַפּט צו ס'געלט און אַנטלויפט?

זאָגט ער: מיסטער, איר ווייסט נישט, וואָס איר רעדט!

זאָג איך: נו, מילא... ווייס איך נישט, וואָס איך רעד... ס'איז מיר נישט געלעגן... אָבער נייע גראַטעס האָט איר געמאַכט?...

זאָגט ער: ניין.

זאָג איך: נו, און די געביידע האָט איר איבערגעבויט, צי אויך נישט?

מאַכט ער: פּליעז, הערט־אויף באַדערן.

זאָג איך: אויב איר האָט נישט געמאַכט קיין נייע-
גראַטעס און די געביידע האָט איר אויך נישט איבערגעבויעט,
און דאָס שיינע קאַסירערל אייערס האָט איר נישט אָפּגעשאַפּט,
טאָ גיט־זשע מיר אַהער — זאָג איך — די געלטער!

זאָגט ער: איר מוזט וואַרטן ביזוואַנען עס וועט זיין פולע
צוויי וואָכן.

זאָג איך: אָלרייט. איכ׳ל וואַרטן. אָבער ווייסט איר ווו
איכ׳ל וואַרטן? — אָט דאָ אינדרויסן פאַר דער באַנק, וועל
איך וואַרטן, איר וועט ביי מיר — זאָג איך — קייען די ערד
און קיין סאַטיספעקשאָן — זאָג איך — וועט איר ביי מיר נישט
אויספירן. איך זאָל אַפילו וויסן, אַז מיינע קינדער וועלן בלייבן
אָן אַ טאַטן, וועל איך מיך נישט רירן פון דרויסן, ביז וואַנען
איכ׳ל נישט האָבן צוריק ס׳געלט. איכ׳ל נישט איבערלאָזן — זאָג
איך — די באַנק אויף הפקר. איך — זאָג איך — וועל וואַטשען
און מיין לאַנדסמאַן, וואָס וווינט דאָ קעגנאיבער, וועט וואַטשען...
ס׳עט זיך טון — זאָג איך — חושך! אָט אַזאַ מין ייד בין איך!..
איכ׳ל דאָ שטיין אינדרויסן — זאָג איך — אין די גרעסטע
פרעסט, און לאָמיך זען — זאָג איך — טוט מיר עפּעס. דו מי
סאַמטינג!

מאַכט ער צו מיר: איר זענט אַ מאָדנער מענטש, קומט
אַראָפּ מיט מיר אונטן אין באַנק, וועל איך אייך הייסן אויס-
צאָלן — זאָגט ער — אייערע 20 דאָלאַר.

זאָג איך: נאָסער! אַזעלכע מאָנקי-ביזנעס גייען ביי מיר
נישט און ווייל — זאָג איך — איר ווילט מיר צוריקגעבן ס׳געלט,
וויל איך עס דווקא נישט נעמען. איר קענט מיך — זאָג איך —
נישט צווינגען דערצו...

זאָגט ער: אָלרייט, נעמט נ י ש ט אַרויס ס׳געלט.

זאָג איך: נעווערמיין, „נעמט נישט אַרויס ס׳געלט". אַז
איכ׳ל ווען וועל איך אַרויסנעמען.

זאָגט ער: פּליעז, גייט אַרויס און הערט אויף נודיען!

זאָג איך: אָלרייט, איך גיי, אָבער איכ׳ל ש ט ײ ן א י ן
ד ר ו י ס ן. אין די גרעסטע פרעסט וועל איך שטיין אין דרויסן

און וואטשען מיינע געלטער. און מיין אומשולדיק בלוט, — זאָג איך און דאָס בלוט פון מיינע אומשולדיקע יתומים וועט פאַלן — זאָג איך — אויף אייערע קעפּ. באַנדיט! — זאָג איך — וואָס איר זענט. דעם לעקטרי-טשער — זאָג איד — איז פאַר אייך ווייניק... היצעל! מערדער! געוואַל-ל-ד!

און איך נעם שרייען מיט אַלע כּוחות.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער סוף איז געווען, אַז מ'האָט מיר אָפּגעגעבן די צוואַנציק דאָלאַר און אַהיימגייענדיק פון באַנק האָט מען זיי ביי מיר אַרויסגעגנבעט פון קעשענע...

און פון דעמאָלט אָן (אַזוי ענדיקט דער ייד, וואָס דערציילט דידאָזיקע געשיכטע) פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך געגעבן אַ שבועה, אַז מיין פוס זאָל נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון אַ באַנק. ס'איז רעגעלע באַנדיטן איז דאָס! קעשענע-גנבים! פּיק-פּאקעטס! לאָזן זיי זיך אָנצינדן!

## גיב אים פינפערלעך

אויסגעפוצט אין די שענסטע מלבושים, מיטביידע הענט אויף דער רעכטער קעשענע, איז מיסטער באלאמוט, דער קאסטומער־שניידער, אוועק דעפאזיטן זיינע ערשטע פינף און זעכציק דאלאר.

— ווי איז דער פרעזידענט? — האט ער מיט א וואזשנעם טאן א פרעג געטון ביים ספעשעל פאליסמאן וואס איז געשטאנען ביי דער טיר — איך וויל דעפאזיטן מיינע געלטער.

דער ספעשעל פאליסמאן האט א"ם מיט גרויס כבוד ארויפגעפירט אויפן ערשטן פלאר צום פרעזידענט.

— דיזער דזשענטלמאן וויל דעפאזיטן זיינע געלטער אין אונזער באנק — האט דער ספעשעל פאליסמאן פארגעשטעלט באלאמוטן פארן פרעזידענט פון דער באנק.

— עס פרייט מיך זייער אייך צו קענען — האט דער פרעזידענט אים באגריסט און האט געפרעגט: — אלזא, וויפל?

— פינף און זעכציק! האט באלאמוט געענטפערט שטאלץ.

— פינף און זעכציק טויזנט? — האט דער פרעזידענט איבערגעפרעגט.

— וואסערע טויזנטער! — האט באלאמוט אויסגעשטעלט א פאר אויגן — ביי די לויזיקע שניידעריי האט איר געוואלט איך זאל מאכן טויזנטער? מען מאכט היינט מיט די זייטן, מיסטער!

טאָ וויפל? — האָט שוין דער פרעזידענט געפרעגט אומגעדולדיק.

— פינף און זעכציק קארבאַטשעס, ווי די רעדער.

— דזשים! — האָט דער פרעזידענט אַ רוף געטון אַן אָפיס באָי — פיר אַרונטער דעם דזשענטלמאן אונטן. ער וויל מאַכן אַ דעפּאָזיט.

דזשים האָט אָנגענומען דעם קאסטומער-שניידער פאַר אַן אַרבל און אים איבערגעגעבן צוריק צום ספּעשעל פּאָליסמאַן.

— מיסטער מענעדזשער! דער דזשענטלמאן וויל דעפּאָזיטן זיינע געלטער! — האָט דער „ספּעשעל" איבערגעגעבן די ידיעה ווייטער.

דער מענעדזשער, אַ יינגער מענטש, מיט גלאַנציק-שוואַרצע האָר און וואָנצעס, האָט זיך באַלד באַוויזן.

— ווו איז דער דזשענטלמאַן וואָס וויל דעפּאָזיטן זיינע געלטער? — האָט ער געפרעגט, אַרויפקומענדיק פון אונטער די גראַטקעס, מיט אַ בלייפעדער אונטערן אויער.

— אָט בין איך! — האָט באַלאַמוט אויפגעהויבן די האַנט.

— וויפל.

— פינף און זעכציק.

— הונדערט?

— וואָסערע הונדערט? ביי די לויזיקע שניידעריי קען מען מאַכן מיט די זייטן, נישט קיין הונדערטער.

— טאָ וויפל?

— פינף און זעכציק קארבאטשעס ווי די רעדער!

— סיי, מיסטער רודערמאַן! — האָט דער מענעדזשער אַ רוף געטון צום קלוירק — דער מאַן וויל דעפּאָזיטן זיינע געלטער. און צו באַלאַמוטן האָט ער געזאָגט:

— גייט, זייט מוחל, צו צו יענעם פענסטערל, וועט מען ביי אייך צונעמען דאָס געלט.

— וויפל? — האָט געפרעגט דער קלוירק.

— פינף און זעכציק קאַרבאַטשעס, ווי די רעדער!... ביי

די לויזיקע שניידעריי קען מען מאַכן מיט די זייטן, נישט קיין טויזנטער! — האָט ער אָפּגעזאָגט אַלצדינק מיטאַמאָל.

דער קלוירק האָט מיט אַ שמייכל אַרויסגענומען אַ קאַרטל, אויפגעצייכנט אַלע נויטיקע זאַכן און געבעטן באַלאַמוטן אונטערשרייבן.

— נישט געטראָפן דעם קאָסטומער! — האָט באַלאַמוט געזאָגט, צוריקווייזנדיק דאָס קאַרטל — מיר פאַרשטייען די טריקס.

— וואָסערע טריקס?

— אָט די טריקס מיט דעם אונטערשרייבן.

— אָבער איר מוזט אונטערשרייבן. ס'איז אַזאַ רול ביי אונז!

— נעווער מיין רולס! — מיר האָבן שוין געזען גרעסערע רולס!

— אָבער, מיסטער, מיר האָבן נישט קיין צייט זיך צו באַדערען. איר ווילט אונטערשרייבן, צי ניין?

— איכ'ל אונטערשרייבן, אָבער נאָר מיט איין האַנט!

— אָל-רייט!

— וויאַזוי ספּעלט איר מיין נאָמען?

— פון וואַנעט זאָל איך וויסן ווי אַזוי איר ספּעלט אייער נאָמען?

— אויב אַזוי — מאַכט באַלאַמוט — זענט איר דאָך טאַקע אַ שווינדלער!

— מיסטער, ב אַ ה י י ו ו ט זיך אַ ביסל!

— נעווער מיין באַהייווען! מיר האָבן שוין געזען גרעסערע קנאַקערס!

— מיסטער, איר ווילט דעפּאָזיטן דאָס געלט, צי ניין?

— אָט וועל איך זיך טאַקע כאַפּן און אייך אָנגעטרויען מיינע געלטער!

— טאָ געטרויט נ י ש ט! ווער הייסט אייך?

— נעווער מיין, ווער הייסט אייך! פאַר מיינע געלטער בין איך גלייך מיט עניבאַדי!

— טאָ דעפּאָזיט!

— וויפל?

— וויפל איר ווילט!

— זעכציק וועט זיין גענוג?

— אַפילו פערציק!

— אפשר דרייסיק?

— לאָז זיין צוואָנציק!

— צען וועט איר נישט נעמען?

— גיט אַהער צען!

— גאַט אייך פינף!

— לאָז זיין פינף!

— איר ווילט טאַקע? קוק עס אָן! — איז באַלאַמוט אַרויס פון די כלים — גיב אים געלט, דעם ראָצער! פאַרוואָס קומט דיר געלט — פאַרוואָס?

— מיסטער, גייט אַרויס פון דאַנען און באַליידיקט נישט קיין מענטשן!

— שאַראַפּ! רעד נאָך אַ וואָרט, קריגסטו אַ פּלעם איבערן פּרעסער!...

און ביי די דאָזיקע ווערטער איז ער אַרויס, בורטשענדיק:

— האָסטו געזען אַזוינס! — גיב אים פינפערלעך — גיב אים!

# ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳

א געשיכטע וואָס האָט
נישט קיין איינדערמיטן

...הקיצור, ער איז אַוועק אין גאַס און האָט אָנגעהויבן פּעדלען. אָפּגעפּעדלט אַזוי אַ פּאָר טעג, איז ער זיך מיישב: ער וועט אַוועק אין דער וועסט-סייד און דאָרט אַ פּעדל טון צווישן די יידישע ערלים, וועט ער מאַכן אַסך געלט.

גייט ער אַזוי אויף דער צענטער עוועניו — קומט אים אַקעגן אַ לויפער און גיט אים אַ ציפּ פאַרן באָרד. גיט ער אים צוריק אַ שטורך. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און —

אין צוויי וואָכן אַרום איז ער אַרויס פון האספּיטאַל.

אַ צעבראָכענער מענטש, נעבעך!

מילא, פון פּעדלען האָט שוין נישט געקענט זיין קיין רייד. איז ער געוואָרן אַ קאָלעקטאר פאַר אַ סטאָר, וואָס פאַר-קויפט סחורה אויף אויסצאָלן.

האָט אים דער באָס געגעבן אַ ביכל מיט נעמען פון בעלי-חובות, אים אָנגעזאָגט ער זאָל זיך נישט שרעקן פאַר קיין הונט און —

ער איז אין אַ מזלדיקער שעה אַוועק קאָלעקטן.

דאָס ערשטע הויז ווו ער האָט באַדאַרפט אַריין איז געווען אַ דייטשע, איז פון פאָרנט ביים גערטנדל געלעגן אַ

גרויסער הונט, ווי אַ קאַלב מיט אַן ערנסט פּנים און — געקוקט אויף אונזער קאַלעקטאָר.

האָט זיך אונזער קאָלעקטאָר נישט אָפּגעשראָקן נאָר פּאַמעליכקע אויפגעריגלט דאָס ריגל פון שטאַכעט-טירל און —

מען האָט אים ענדלעך פאַרבאַנדאַזשירט און אַהיים געשיקט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער אַראָפּ פון בעט, גענומען ס׳ביכל אונטערן אָרעם און ווידער אַוועק צו אַ קאָסטימער, וועלכער האָט געוווינט ערגעץ אויף אַ טאַפּ-פלאָר פון אַ טענעמענט-הויז.

קומט ער אַריין, טרעפט ער אַ הויכן גוי, ווי אַ ריז, מיט אַ רויט פּנים ווי אַ צוויק, זיצט אין די הוילע פּאַנטאָפל ביי אַ „פיינטעלע" ביר און ,פראַוועט „שלוש-סעודות".

מאַכט ער: גוד-יווניעק, מיסטער קאָסטימער!

מאַכט דער ערל: ווהאַדידזשעוויש?

מאַכט ער: גימידימאָניע, פּליעז!

מאַכט ער: סקידו!

מאַכט יענער: גיב די מאָניע!

שטעלט זיך דער גוי אויף, ווישט אָפּ די טריפהנע וואָנצעס, און — די אורזאַכע פאַרוואָס די טרעפּ האָבן זיך נישט צעשאָטן איז דאָס, וואָס זיי זענען געווען פון מערמלשטיין.

דאָס מאָל איז ער אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל איבער אַ חודש און איז אַרויסגעקומען מיט אַ קוליע און בלאַס ווי אַ מת...

און אַ וויעטשנע קאַליקע!

האָבן אים די דאָקטוירים געהייסן פאָרן אין קאונטרי.

האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַ פעטער ערגעץ, אויף אַ פארם, אין קענעדע, איז ער אַוועק אַהינצו און האָט זיך אַביסל ערהאָלט.

איז איינמאָל גייט ער אַזוי אַרום באַטראַכטן זיין פעטערס באַלעבאַטישקייט, זעט ער ווי אינדרויסן שטייט אַ קיילעכדיקע

דאַמפּ-זעג און זעגט קלעצער מיט דער געשווינדקייט פון אַ בליץ.

עפּעס אַ מאָדנע זעג און — אַזאַ קונציקע!

געפעלט אים די מעשה. און עס פאַלט אים איין צו שטעלן אַ פינגער צו דער זעג פּרובן צי זי איז שאַרף און —

קיין געלט אויף אַ קינסטלעכע האַנט האָט ער נעבעך נישט געהאַט. ער איז נעבעך געווען אַ טאָפּלטע קאַליקע — אי אויף אַ פ ו ס אי אויף אַ ה אַ נ ט...

נאָר, ווי זאָגט ער, אַ מענטש קאָן זיך צו אַלצדינג צוגעוויינען. מיט דער צייט האָט ער זיך צוגעוויינט באַנוצן די לינקע האַנט אָנשטאָט די רעכטע, און ער וואָלט שוין נישט אַזוי געפילט זיין אומגליק, ווען נישט דאָס וואָס ער האָט זיך אַליין אויך נישט געפילט ווי אַמבעסטן!

אַזוי איז אַוועק צוויי וואָכן. איינמאָל איז ער זיך מיישב און לייגט זיך אַריין אין בעט אַריין, פאַררויכערט זיך די ליולקע מיט דער לינקער האַנט און פּיפּקעט געשמאַק. מאַכט צו אים דער פעטער זיינער: אפשר וואָלסטו אויפגעהערט רויכערן אין בעט? קענסט נאָך חלילה אָנמאַכן אַ פייער צו צלדי גוטע יאָר! מאַכט ער: נעווערמיין! ס'איז אָלרייט! מאַנדזשעראָמביזנעס! און ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, קלעפּן זיך ביי אים צו די אויגן פון מידקייט און —

צו זיין לויה, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם צווייטן טאָג, זענען געקומען פיל אָנגעזעענע פאַרמערס פון דער אומגעגנט.

פרידן צו דיינע אַשעס, מיסטער ווי איר האָט דאָרטן געהייסן!...

# מזל דאַרף מען האָבן

ג אַ ל י צ י ש ע ר  ד י אַ ל ע ק ט

שש. רעד אַביסל שטילער. וועסט מיר נאָך חלילה איז־דרעכנען ס׳קינד. זאָגסטו, הייסט עס, אַז ס׳איז גאָרנישט? אַלץ גייט פון זיך אַליין?

ע־הע־הע! טאָסטים שוין ווידער מיט זיין פילאָסאָפיע. אי, לאָז מיך געמאַך, כ׳בעטיך! דיינע אַלע חקירות זענען ביי מיר ניש ווערט קיין צוויי פרוטות. וואָרים ווידער אַמאָל דאָס אייגענע: אין פילאָסאָפיע מוזטו זיך דאָך אויך פאַרלאָזן אויף דיין אייגענעם שכל, און אז אַ מענטשנס שכל קען ניש תופס זיין אַ דבר וואָס איז למעלה מן השכל, האָבן מיר דאָך ערשט־נאָר־וואָס גערעדט.

שאַ. איכ׳ל גאָרניש גיין ווייט. איכ׳ל דיר דערציילן אַ מעשה שהיה על׳מיר הערן וואָס דו וועסט זאָגן דערצו.

אַז איך האָב געוווינט אין פרעמישלאַן, ווייסטו דאָך מסתמא. און אַז איך האָב דאָרט געהאַט אַן עסק מיטן פריץ, געדענקסטו דאָך מסתמא אויך. מילא, איך בין דיר ניש אויסן דערויף — ווי ס׳איז מיר דאָרטן געגאַנגען אין פרנסה: — ווי אַזוי ס׳איז געווען — מע האָט געקרוטיט, געדרייט מיט דער וועלט. דאָ געמעקט זיך, דאָ געשטעלט זיך, אַבי ס׳איז געווען ס׳שטיקל

ברויט. און די עטלעכע זילבער האָבן זיך געדרייט אין קעשענע — איז געווען ניש צו פאַרזינדיקן.

דערנאָכדעם אָבער אַז סע האָט זיך אָנגעהויבן דאָס טועכץ מיט דער טאַבעלאַציע מיט מיינער, וואָס איז געווען טאַבעלירט נאָך אויף מיין שווער עליו-השלומס נאָמען, און מען האָט מיר געמאַכט די פּאַנטאַציע און אָפּגעפּענט פון מיר אַלצדינק פאַר מיין שווער עליו-השלומס חובות, און איך בין געבליבן, ווי מ'זאָגט אַמאָל, נקי, ריין ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט, בין איך דאָך געוואָרן שטאַרק געפאַלן ביי זיך. ליציטירט אין גאַס — ליציטירט. און איך שטיי און קוק-צו מיינע צרות. און דאָס האַרץ — פּעך-פּעך! אַזוי ווי מיט האַמערס... אַ קלייניקייט די בושה, מיט דעם ווייטאָג. אַזוינס צו דערלעבן! אפילו דעם הענגלייכטער דער מאַמעס האָבן זיי ביי מיר אָפּגעפּענט — די היצליעס. ס'איז, ווי מ'זאָגט אַמאָל, אַסך צו דערציילן און ווייניק צו הערן.

דעם הענגלייכטער!... — ס'איז דאָך אַ נאַרישקייט. נאָר פאַר-וואָס-זשע דערצייל איך עס אייך? — פאַר וואָס? ווייל ביי מיין מאַמען, עליה-השלום, איז דער הענגלייכטער געווען ל'הייי אַ ריינקייט, להבדיל. איר מוזט נאָך געדענקען, ווי זי פלעגט אַרומגיין איבער דער שטאָט נאָך לעכט. נאָר לעכט האָט זי געוואָלט. לעכט און לעכט. מאַמע, פלעג איך צו'ן איר טענהן, מאַמע לעבן, פאָלג מיך און קריך ניש אום אין די בלאָטעס און אין די ווילגאָטעס. דאָס מקום-קדוש, זאָג איך, וועט מען שוין, מיט גאָטס הילף, באַלייכטן אָן דיר. דו זיץ בעסער, זאָג איך, אינדערהיים, און גיב אַכטונג, זאָג איך, אויף די קו-קורוזענקעלעך, זיי זאָלן זיך ניש צוסמאַלען: דעמאָלט, אויב איר געדענקט, זענען נאָך אין אונזערע מקומות שטאַרק אָנגעגאַנגען די קוקורוז-פּלעצלעך! זי אָבער, די מאַמע מיינע, מיינע רייד זאָלן איר ניש צו שווער זיין: אַ הכמה איז זי דאָך געווען פון תמיד אָן — גאָרניש.

איך מוז, זאָגט זי, גיין נאָך לעכט. אַזויפיל מעג איך מיר כאָטש, זאָגט זי, אָנגרייטן, איך זאָל האָבן מיט וואָס צו

קומען אויף יענער וועלט. לערנען, זאָגט זי, קען איך ניש, מיט וואָס-זשע, זאָגט זי, זאָל איך דינען זיין ליבן נאָמען? — מיט די קוקורוזינעקלעך מיט דיינע? אָדער מיט די פלאַמפלעך? — אַזוי מיט אַ הלצהלע.

...ברענג איך עס אויס קעגן דעם אין וואָס פאַר אַ מדרגה איך בין דעמאָלט געווען, און דאָ האָט זיך נאָך דער פריץ אין מיטן-דרינען אַריבערגעצויגן מיט דער פאַכט קיין גאָלאָגור. מסחרים זענען אויך ניש געווען אזוי פויגלדיק. — עס האָבן זיך שוין דעמאָלט געהאַט אָנגעהויבן די גוישע געוועלבן מיט די אַלע זאַכן. און וואָס טויג עס דיר? פרעמישלאַנער יידעלעך, ברענען זאָלן זייערע אָדערן! דאָס וועט דיר ניש באָרגן אַ גראַצער ווען דו לאָזט דיך אויס. כאָטש שריי חי וקים!...

הכלל, ס'איז ביטער ווי גאַל. איך דריי מיך אום אין מאַרק, קוק ווי פייגעלעך פליען און טראַכט אַזוי ביי מיר: מאין יבא עזרי? דערווייל גייט אַוועק אַ וואָך און נאָך אַ וואָך און טאַקע נאָך איינע און קליינע קינדער — ווערים. דאָס וויל ניש וויסן פון קיין שום קונצן, סע וויל עסן. און מיין טשאַרנע אַליין, זאָל זיין געזונט, גייט אום אונטער דר'ערד...

— וואָס, זאָגט זי, כאַוול, וועט זיין דער תכלית פון אונז — וואָס? פון דעם אומדרייען זיך מיטן שטעקעלע, זאָגט זי, וואָס דו דרייסט זיך אום, וועט גאָר-ניש זיין, און מיט קייען די באָרד, וואָס דו קייעסט, וועסטו ניש אָפקומען, זאָגט זי, טאָמער, זאָגט זי, וואָלט געווען אַ פלאַן אַז מיר זאָלן אַרויסשיקן אונזער העשלען צו דער שיינער משפחטע אונזערער? פאָרט, זאָגט זי, אייגענע. ווי זאָגט, זאָגט זי, דער גוי: קראָווניע וואָדאַ. צי טאָמער, זאָגט זי, וואָלט געווען אַ פלאַן, מ'זאָל שרייבן אַ בריוו צו בראָנהצרשן, זאָגט זי, אָדער צו מאָנטעפיורען?

...הכלל, איכ'ל דיר לאַנג ניש ציען, מיין העשל (וואָס קלערסטו, אַז איך האָב דאָס געדאַרפט דערלעבן!) איז אַרויסגעפאָרן קאָליעדעווען צו דער משפחה און צונויפגעשלעפט אַ פאָר זילבער...

מילא, גאָרניש. עסן דעם מזומנעם גראַצער איז דאָך אויך קיין תכלית ניש. ווי זאָגט מען עפּעס? אַ ים שעפּט זיך אויך אויס. הויבּט מען אָן קלערן וואָס צו טון — דאָס, יענס. מען קלערט אַהין און מען קלערט אַהער, און סע בּלייבּט: עפּענען אַ שענקל פון מעד.

פאַרוואָס עפּעס אַ שענקל פון מעד? ווייל אַ קאַרטע פּשעמיסלאָווע האָב איך געהאַט אויסגעוועקט דורך פּראָטעקציע און האָפּן זענען דעמאָלט געווען בּזיל־הזול, האָניק האָב איך געקויפט אין גלייכן געלט פון דער פּאַשינקע, אַ קעסל האָב איך געהאַט אַן אייגענעם — ירושה פון דער מאַמען, זאָל זיך מיצן! — פון די דרייפּיסיקע קעסלען וואָס מ'פלעגט אַמאָל אין זיי, אין די אַלטע יאָרן, פרעגלען פּאָווידלע — אויב דו געדענקסט.

קיצור הדבר: איך האָב אין אַ מזלדיקער שעה געעפנט אַ מעד־שענק!

...ווי־זשע האַלט איך? יאָ! אַ שענק ווי אַלע שענקען פון גאַנץ יאָר. אָפּגעזאָטן אַ טאָפּ אַרבּעס — דעם אמתן אַרבּעס. גוט בּאַזאַלצן און בּאַפּעפּערט, מחמת דער עיקר איז דאָך אַז סע זאָל דאַרשטן! — אַוועקגעשטעלט אויפן שענק־טיש אַ פּאָר זויערע אוגערקעלעך — פון די אמתע אתרוגים און איך זיץ מיט אַן אָפן מויל און כ'וואַרט אויף דעם גראַצער לייזונג ווי איינער וואַרט אויף משיחן...

אַ טאָג, צוויי, דריי, מען זעט ניש אַ הונט. איז מיר פּאַסקודנע אין מויל פון דעם גאַנצן עסק. און מיין טשאַרגי נעמט מיך גריזשען: סטייטש, איך העט בּאַדאַרפט אַרויפשטעלן אַ שילד. כ'העט בּאַדאַרפט דאָס, כ'העט בּאַדאַרפט יענס. נו, מילא, זאָג איך, העטיך־וועטיך! דערווייל, זאָג איך, איז בּיטער ווי גאַל. און איך הויבּ אָן אויסרעכענען: אַ קאַרטע פּשעמיסלאָווע האָט געקאָסט, אַ פּעסל האָניק האָט געקאָסט, האָפּן האָבּן געקאָסט. הייבּט גלעזער, טעלער, שאַפּקעלעך און איך ווייס דאָרטן וואָס! — וואָס אַ שענק דאַרף צלין האָבּן. נאָר מילא, וואָס לאָזט זיך טון? אַז מ'איז שוין אַריין אַזוי

ווייט, מוז מען שוין קריכן ווייטער. צוריקגיין — קען מען שוין ניש. דערווייל, טראַכט איך, איז נאָך דער הימל ניש ביי דר'ערד, מאָרגן אי״ה האָבן מיר יריד אין שטעטל, נאָך שנייט איז, דער גוי איז זעטיק אין גראַצער. אַ גוט ביסל משקה, ווייס איך דאָך ביי זיך, האָב איך! וואָרים אין לויפנדער צייט, אַז מ'איז אַן אָנפענגער, האָט מען דאָך מורא טאָמער אַזוי, טאָמער אַזוי.

...קיצור: גאָט האָט געהאָלפן. ס'איז יריד-טאָג.

איך שטיי אויף אינדערפרי, און טו אַ קוק דורכן פענצטער: אי-אי! מען ציט זיך! אַ כמאַ—רע! גוים, מיט גויטעס, מיט שרצים, און, להבדיל, יידישע קאַניאַכעס, סוחרים, מעקלערס, בעטלער, אייערניקעס — אַפילו דער ייד מיט די אייזערנע רינגען, דו ווייסט, וואָס מען וואַרפט אויף די מעסערס און אויף וועלכן מעסער מען טרעפט, געווינט מען עפעס אַ זאַך, — אַפילו ער איז אויך דאָ. אַ שטאַרקער יריד! כאַפּ איך אויף זיך טלית און תפילין. דאַוון אָפּ ביחידות (וואָס פאַר אַ טעם איך האָב שוין געפילט אין דעם דאַווענען, אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן!) און נעם מיך באַלד מאַכן אַ פּאָ-זשאָנדעק. וויש אויס די האַלבעס, ראָם אַוועק ס'האָלץ, רוק אַריין ס'רוקבעט פון באַנק-בעטל און מיין טשאַרנען הייס איך דערווייל אויסזידן אַ פרישן טאָפּ אַרבעס — פון די אמתע אַרבעס, וואָרים אין לויפנדער צייט, אַז מען שטייט אין גראַצער לייזונג —

נאָך עלף — אַהאַ! אַ גאַנצע כאָפּטע ערלים לאָזן זיך אַראָפּ פון דער טאָרגאָוויצע גלייך צו אונז

ווער זאָלן דאָס זיין די ערלים?

איך גיב אַ קוק ס'איז פעדקאַ, דער וואָיט, מיט אַ גאַנצע חברה, שטאַרק אונטערגעפייערט. אַפנים, אַז זיי האָבן שוין געמאַכט אַ כוסה, און זיי לאָזן זיך באַרג-אַראָפּ, צו אונז-צו. רוף איך זיי צו.

— טשויעטע, זאָג איך, טשאָלאָוויעטשע, חאָדיט, זאָג איך,

סודא, או נאס, זאָג איך, יעסט, זאָג איך, דאָס טייערסטע ביס־ מעד, פרימע, זאָג איך, שבפרימע...

קומען זיי אַריין מיט אַ געשריי, און דאָיעט שטינקט זיי פון די שטיוול, און דער בראָנפן שטינקט זיי פון מויל, אַז מען קאָן דערשטיקט ווערן! און איך, אַדרבא ואדרבא, נעם זיי פיין אויף, גיב זיי שטולן, גיס אָן צו קעלישעקלעך מעד און הייס זיי פאַרזוכן.

— פעיטי! זאָג איך, טשאָלאָוויטשי. אי דאַי וואַם באָזשע, זאָג איך, זדראָוויע, מיט סם־המות, זאָג איך.

נעמט ער, דער אַלטער, דאָס גלעזל אין האַנט, ווישט אָפּ דעם דנאָ מיט זיין דאָלאָניע, פאַרקאַטשעט זיך אַ וואָנצע, וואַרפט אַריין ס'גלעזל מעד מיט איין גאָס און שפּרינגט אויף ווי אַן אָפּגעבריטער.

— עטאָ, זאָגט ער, ניע מיאָד, זאָגט ער, נאָר וואָדאַ, זאָגט ער... ס'איז, הייסט עס, פּשוט וואַסער...

כאַפּט דאָך דאָס מיר שוין אָן ביי דער כריסטשינענע: סטייטש, דו גוי, טראַכט איך ביי מיר, איך גיב דיר נומער־ איינסער סחורה, וואָס קיין בעסערע איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט, און דו דערציילסט מיר אַ מעשה, אַז ס'איז וואַסער...

און ווי איך טראַכט אַזוי, כאַפּט מיין פּעדקאַ דערווייל די גאַנצע כאָפּטע גויים און לויפט אַוועק, צו וועמען מיינסטו? צו זלמנקע גנב.

שטיי איך און קוק דאָס צו און סע ווייזט זיך מיר אויס, אַז אָט־אָט פּלאַצט אין מיר ס'האַרץ — איזטשעזנעט זאָל עס ווערן!

בעני־ביי קומט אַריין זלמנקע מיט די געקרייזלטע לע־ קעלעך און מיט דעם דינעם נעזל מיט זיינעם און פרעגט מיך צי איך האָב עפּעס ביליקן מעד, איך זאָל אים פאַרקויפן.

פאַרשטיי איך דאָך שוין, מסתמא, אַז מיין זלמנקע קומט שוין צו מיר נאָך סחורה, האָט ער מסתמא שוין געהאַט אַ צעזעצטן טאָג...

מאַך איך צו אים: לייזט זיך עפּעס, ר' זלמן? — לייזט זיך עפּעס? — איך אַזוי.

— נישט דיין געשעפט! — מאַכט ער — גיס אָן, מאַכט ער, די פלעשער, און האָב נישט, זאָגט ער, קיין ליידיק מויל און פרעג נישט, זאָגט ער, קיין פּוסטע קשיות, געלט, זאָגט ער, וועל איך דיר באַלד אַריינשיקן מיטן שיקסל.

איך שטיי. איך פּוקנע שיר. נאָר וואָס לאָזט זיך טון? אין לויפנדער צייט, אַז אַ מענטש איז ביי זיך געלעגט...

אין אַ פּאָר שעה אַרום איך זע פעדקאַ מיט דער גאַנ-צער כאַפּטע לאָזן זיך אַרויס פון זלמנקעס שענק גוט אונטער-געוואַרעמטע. אָבער אַזוי לייטיש... און די פּנימער זענען ביי זיי רויט — פּשוט דער שהין רוט אויף זיי

רוף איך זיי צו:

— פעדקא, זאָג איך, כאָדי נאָ, זאָג איך, סודא! — איך אַזוי צום אַלטן.

גייט ער צו. שיכור קוים וואָס ער שטייט אויף די פיס.

— פעדקאַ, זאָג איך, נו, ווי? האָסט געטרונקען ביי זלמנקען?

—געטרונקען! — ער אַזוי צו מיר.

— נו, געפעלן געוואָרן? — איך אַזוי צו אים.

— פּעווניע! — זאָגט ער — דאָס הייסט: אַוודאי איז גע-געפעלן געוואָרן... וואָס פרעגסטו קשיות?...

זאָג איך: און יענער מעד איז נישט קיין וואַסער?

זאָגט ער: אָווהאָ! טייערער מעד ווי גאָלד...

כאַפּט דאָס מיך שוין אָן ביי דער זיבעטער ריפּ. נאָך אַ מאָל: דו, גוי, איך גיב דיר אַ ביסל מעד, וואָס אַפילו דער קייסער מעג עס טרונקען, געפעלט עס דיר נישט און ער גיט דיר אַ ביסל באָרשט, וואָס ער האָט ביי מיר געקויפט פאַר אַ שיבוש, געפעלט עס דיר יאָ.

— האָ, נו? — זאָג איך צו אים — זאָג, זאָג איך, אַליין, פעדקא, צו דו ביזט נישט קיין חזיר? דו ביזט דאָך עפּעס, זאָג איך, אַ לייטישער טשאַלאָוויעק? — איך אַזוי צו אים.

— יאַ ניע זנאַיו — מאַכט ער, געלעמט זאָל ער ווערן! און ער קראַצט זיך אונטערן קאָלנער. עס זאָל מיר איינפאַלן אַז דער דם'ניק איז עפּעס אויסן, איז מיר נישט איינגעפאַלן. יאַ ניע זנאַיו, מאַכט ער, נאָר דו, גאַלגאַן, זאָגט ער, זאָלסט מיך נישט רופן „חזיר". מיין נישט, זאָגט ער, אַז איך בין דיר אַ פּראָסטער רוסניאַק! יאַ יעסטעם, זאָגט ער, וואָיט, זנאַיעש? און דו, זאָגט ער, זיי שטיל, אַז נישט, וועסטו ביי מיר, מאַכט ער, קריגן אי כ אָ ס ע מ ס צד, אי ק אַ ל ע מ ס צד! — ווי אַ גוי רעדט! און בעניי-ביי האָט ער מיר דערלאַנגט אַ ס ט י ס אין האַרץ, אַז איך האָב פאַר זיך דערזעהן קרוקע, מיט פינטשעוו, מיט לעמבערג, מיט אַלצדינק...

— — — — — — — — — — — — — —

...נו, האַ? איז שוין פאַראַן מזל? צי ניין?

# אינהאלט

## מעשהלעך מיט מאָראל


זייט

ערלעכקייט באצאָלט זיך — — — — — 7
דער אָפּנארער — — — — — 11
די הון און דער אייער כוחר — — — — 14
דער גרויסער דענקער — — — — 15
ס. פּאלעק — — — — — 17
א בינע וואָס וואַקסט — — — — 20
דער דיכטער און דאָס פויגעלע — — — 22
קינדער ליבע — — — — 24
פינסטער זאָל ווערן — — — — 26
די אָפּענע האַנט — — — — 29
דער פרעמדער — — — — 31
די געטרייע טאָכטער — — — — 32
דער ראַדיקאַל — — — — — 33
דער מבין הגדול — — — — 35
געראַטעוועט — — — — — 37
די רויטע ראָזע — — — — 39
פרויען און וועלף — — — — 41
דער מאַן מיטן מעסער און דער מאַן מיטן זעג — 43
דער טרוימער — — — — — 45
דער איבערמענטש — — — — 47
דער פאַרביסענער קעניג — — — — 48
דער מלחמה קרבן — — — — 51
די אומשטענדן— — — — — 53

זייט

לייוונט — 55
דער שטאָלצער קינסטלער — 57
ציוויליזאַציע — 61
דאָן זשואַן — 62
אַ רעגעלער ראמאַן — 63
די נאאיווע — 65
דאָס פארשטאָכענע אויג — 67
בעדאַנקען עקאָנאָמיע — 69
דער בלאָנזשענדער שטערן — 73
דער, וואָס פויגט זיך — 75
דער פארליבטער און דאָס העזעמל — 78
אַ באַנקעט — 80
געגעסן אין סוכּה — 82
אילוסטרירטע ליבע — 84

## אויסגעטראַכטע זאַכן

די שענסטע רויז — 89
אַ לעגענדע — 90
די זעגל שיף — 91
צו די שדים — 92
פארגעסנהייט — 93
די לבנה — 94
מיין גייער אנצוג — 95
מיין אויג — 96
פּישפּאַנג און ליבעליי — 97
עלעגיע — 98
אין מוזעאום — 99
סענטימענטאַל — 100
איך בעט דיך — 101
אַ באַרג — 102
אַלעס וואָס ענדיקט זיך — 103
די סטראַשידלע — 104
דער רעגן — 105
וועגן זיך אַליין — 106
אַ שטימונג — 107
אדיעקטיוון — 108

| | זייט |
|---|---|
| ווי אַלע מאָל — ליבע | 109 |
| נאָכאַמאָל — ליבע | 111 |
| מיין ווינטער־חלום | 112 |
| די פינפטע עוועניו | 113 |
| א געניץ | 114 |
| וועגן היסטאָריע | 116 |
| דאָס מוטערל ערד | 117 |
| פריילין שוועבעלע | 118 |
| צוויי | 119 |
| עלטער און יונגער | 120 |
| מעטאַפאָרען | 121 |
| איינזאַם | 122 |
| פאַרזעצונג | 123 |
| די ווייטע וואָיענדיקע שיף | 125 |
| טעג און נעכט | 126 |
| מיין קינד | 127 |
| האָמאָ סאַפּיענס | 128 |
| שווייג | 130 |
| וואַנדערלוסט | 131 |
| נאָכאַמאָל — א שיף | 132 |
| דער טאָג | 133 |
| וואָס מיינט איר דאַמיט? | 135 |


## אויף גלעכטער


| | |
|---|---|
| שנעלע באַלמעלאָכעם | 141 |
| די עסטאַבאנאניסטן | 146 |
| א יידישע טבע | 152 |
| צווייערליי מעטאָדן | 159 |
| דער גרויסער געשעפטסמאַן | 164 |
| ריאינירט דורך ס ו ק ס ע ס | 171 |
| אויפגעגעסן א ביזנעס | 177 |
| איך — אַלס ביישפּיל | 182 |
| איך אַלס ווידערקול | 188 |
| דער רעגלמעסיקער חלשצר | 192 |
| א ברויטגעבער | 197 |
| א זיבערער רעסטאָראַן | 202 |
| באָטוס און פּאָטוס | 206 |

זייט


די גראשיציאנער — — — — 212
פּיעזענטן — — — — 218
א משפחה-פעלער — — — — 223
מע וואָלט געקאָנט לעבן, נאָר מע לאָזט נישט — 227
מיין ערשטער דעפּאָזיט — — — — 230
גיב אים פינפער־לעך — — — — 237
ת'נ'צ'ב'ה — — — — 241
סוף דארף מען האָבן — — — — 244